יחיאל מאָר

# פֿון סאן ביז סען

## לידער און פּאָעמען

פֿאַרלאַג פּאַריז

# YEHIEL MOR

## FOUN SAN BIZ SEINE

(Du San à la Seine)

הילע געצייכנט: משהקע באַהעלפּער

פאַרענדיקט דרוקן אין יאַנואַר טויזנט ניין
הונדערט אַכט און זעכציק אין דער דרוקעריי
14 רי דע פּאַראַדי.
געזעצט, צוזאַמענגעשטעלט און געדרוקט
אונטער דער השגחה פון בנימין ווערטהיים



Printed in France

Imprimerie, 14, rue de Paradis, Paris (10e)

# אַ בריוו צום חשובֿן לייענער

.1

אַז מען איז געבוירן כמעט צוזאַמען מיט אונדזער יאָרהונדערט (אין יאָר 1902), אין דער געגנט פון טייך סאַן, וואָס פאַלט, אַ צענדליק קילאָ־מעטער ווייטער פון אונדזער שטעטל, אין פוילנס גרויסער ווייסל אריין, און אַז מען גיט אַרויס ביי די ברעגן פון סען, אין פּאַריז, אין 1967 אַ ערשט בוך לידער אויף יידיש, וואָס נעמט אַרום אַ צייט־אָפּשניט פון אַ ערך לעצטע פערציק יאָר, (אַ קלייניקייט די לעצטע פערציק יאָר!), פּאָדערט זיך דאָ — אַ חוץ אַ הקדמה, וואָס ווערט געוויינטלעך געשריבן צו אַ ניי אַרויסגעגעבענעם בוך — אויך אַן אויפקלערונג, אַ באַשייד פון מחבר צום לייענער; לאמור אַזוי צו זאָגן: וועלכע איז די סיבה, וואָס דער גאַנג פון „סאַן ביז סען" האָט פון שרייבערישן שטאַנדפּונקט געדויערט אַזוי לאַנג.

איז ווי אַזוי אָנהויבן?

אָנהויבן פון דער דאָרפישער כאַטע מיט אַ גאָלדענעם דאַך, ווו איך האָב פון מיין פריער קינדהייט אָן געהערט דאָס קול פון לערנען פון מיין טאַטנס תלמידים, וואָס האָבן ביז צו זייער חתונה געלערנט ביים טאַטן? אָדער אָנהויבן מיט מיין פאַרחלומטער מאַמעס וווּנדערלעכע מעשהס פון ערלעכע גוטע יידן, אין די לאַנגע נעכט, ווען אינדרויסן אויף די אומ־ענדלעכע פעלדער איז געלעגן אַ וועלט מיט ווינטער?

צווישן דער דאָזיקער דאָרפישער יידישער כאַטע און דעם פּריצישן הויף פון יידישן גוט־באַזיצער ר' אליהו פרענקל זענען מיינע גאָר ערשטע קינדער־יאָרן פאַרגאַנגען.

ר' אליהו מיטן פייקע-ציבעך, מיט די רויטלעכע באָרד און פאות, מיט די געשטרייפטע, לאַנגע, זיידענע כאַלאַטן פון פאַרשידענע פאַרבן, פלעגט זיך אַרומדרייען אויף און אָפּ אין זיין חדר־מיוחד, פאַרטאָן אין מחות. ער פלעגט אָפט פאַסטן און תמיד פאַרטאָן זיין אין ספרים.

שפּעטער, נאָכן קריג 1914 — 1918, ווען פּוילן איז אויפגעשטאַנען און מען האָט אָנגעהויבן טרייבן יידן פו די דערפער, האָט מען ביים יידישן גוט־באַזיצער כלומרשט „אָפּגעקויפט" זיין גוט, מיט די נאָך דעמלט גילטיקע עסטרייכישע קראָנען, און אים און זיין משפחה בדיל־הדל געשטעלט.

געוואָרן אַן אָרעמאַן, האָט ער אָנגענומען דעם כסא־רבנות אין אַ דערבייאיק שטעטל. איך האָב אים דעמלט געזען ביי אונדז אין שטוב מיטן טאַטן זיך פאַרמאַכן אין אַ באַזונדער חדר. אַרויסגיין האָב איך אים געזען אַ צעשטראַלטן, ווי איינער וואָס איז נאָר באַפרייט געוואָרן פון אַ שווערן עול...

**2.**

אין שטאָט שוין, ווו מיר האָבן שפּעטער געוווינט, פלעג איך הערן אין די נעכט אָפטמאָל דעם טאַטן לאַנג וויינען. דאָס האָט ער געוויינט אויף זיין „פּאַך" (די שחיטה), וואָס האָט מאָראַליש געדריקט אויף אים אַזוי לאַנג ווי איך געדענק אים.

ביי מיין פעטער, דעם סופר האָב איך צום ערשטן מאָל אין מיינע קינדער־יאָרן געהערט דעם נאָמען ביאַליק. דאָס איז זיין עלטסטער זון (דער היינטיקער, שוין אויף דער עלטער, העברעאישער שרייבער און פּאָעט אין ישראל, מיין קוזין און שוואָגער מאיר מוהר) געווען דער שטעטל־דיקער מדריך פון דער בית־המדרש אינטעליגענץ. דאָרט האָט מען וואָכנ־לאַנג געוואַרט אויף אַ נייעם שיר פון ביאַליקן. און אַז ער איז געקומען אָט דער שיר, פון אָדעס אָדער פון וואַרשע, האָט דאָס טרויעריקע שטעטל אונטער די האַרבסטיקע הימלען באַקומען גלאַנץ, און ס'איז געוואָרן יום־טוב אין אַלע ווינקלען. מען איז דעמלט געשפּרונגען איבער די בלאָטיקע געסלעך מיט א בשורה: שוין געקומען! שוין געקומען! און גאַנצע וואָכן האָט די דאַזיקע יוגנט זיך גענערט פון דעם ביאַליק־ליד.

אין איינעם אַ שבתדיקן פרימאָרגן איז דער מאַרק פון שטעטל גע־שטאַנען אונטער אַ פייערדיקער זון. אַ ריח פון שווייס און פון פערדישער השתנה און מיסט, און הייזעריקע קולות פון ביר־אָנגעטרינקענע אולאַנער האָבן פאַרפולט דעם חלל פון מאַרק.

דערנאָך האָבן שוין טאָג און נאַכט קאַנאָנען מיט פאַרבונדענע פיס־קעס, ווי בייזע הינט, געמאָלן מיט זייערע אייזערנע שווערע רעדער

דעם שטויביקן קייזער־וועג צו דער נאָענטער רוסישער גרענעץ. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט זיך ס'שטעטל אַ צעפלאַם געגעבן פון אַלע פיר זייטן. די איינוווינער זענען קוים אַרויס מיטן לעבן און האָבן גענומען לויפן אין דער וועלט אַריין אויף הפקר, אויף הפקר ממש...

.3

תיכף נאָך דער מלחמה האָט צוזאַמען מיט אייראָפּעס אָרעמקייט אויך אַ פּלייץ געטאָן אונדזער נע־ונד.

א טייל יוגנט אונדזערע איז אַוועק קיין ארץ ישראל. דער גרויסער שטראָם, די מאַסן, זענען געגאַנגען לעבר־לים, ק־ין אַמעריקע.

און איך האָב, ווי טויזנטער פון אונדזער יוגנט, פאַרלאָזט דאָס חרובע שטעטל כמעט צו פיס, מיטן ווילן עולה צו זיין אין דער נייער היים... און ווי צופעליק האָב איך אָנגעשפּאַרט אין אַ פּאַרט־שטאָט פון אַטלאַנ־טיק. דאָס האָט מיך מיין „חלוצל" — וואָס כ'האָב געשריבן אין ווין, אין סאַמע ברען פון דער גרויסער עליה פון די יאָרן 1920—1921 און וואָס איז באַלד פאַרשפּרייט און געזונגען געוואָרן אין אַלע יידישע ישובים, צומערסטן אין פּוילן און אין די פאַראייניקטע שטאַטן, פון וואַנען כ'האָב פון מיינע לאַנדסלייט באַקומען אַ היפּשן סכום פאַר מיין „ווערק" — געזאָלט ברענגען קיין אַמעריקע. די פּאַריזער קלוגע און דיס־קרעטע פּאָליציי האָט אַ סוף געמאַכט צו מיינע פּלענער. זי האָט אויסגע־כאַפּט אין איין שיינעם פרימאָרגן עטלעכע הונדערט אַזעלכע „עטראַנ־זשערס" ווי איך און אונדז זייער שטיל צוגעשטעלט צו די שכנותדיקע גרענעצן.

כ'בין אין א שיינעם פרימאָרגן אָנגעקומען קיין אַנטווערפּן, און אַריינ־געפאַלן אין סאַמע מיטן פון ריזיקן שטראָם פון אונדזער גרויסער מאַסן־עמיגראַציע, וואָס האָט געפלייצט פון אוקראַינע, נאָך די בלוטיקע פּאָגראָ־מען און שחיטות פון די פּעטלורע־באַנדעס איבער אונדזער פאָלק.

אין אַנטווערפּן איז דעמלט געפירט געוואָרן אַ יידישע קולטור־טע־טיקייט, מיט אַ וואָכן־צייטונג אין יידיש, וואָס האָט זיך גערופן „דער פריינד" און איז געווען רעדאַגירט פון ד"ר קרעמער, א שטילער ערלע־כער מענטש. כ'האָב שוין דעמלט פאַרמאָגט מיין אייגנס אַ העפט מיט אַ קנאַפּע הונדערט לידער, וועלכע דער רעדאַקטאָר האָט געוואָלט ביי מיר אָפּקויפן פאַר פינף הונדערט בעלגישע פראַנקן.

כ׳האָב אָבער בשום אופן נישט געוואָלט זיך שיידן מיט מיינע לידער, וועלכע זענען פאַר מיר געווען אַלץ אין מיין נע־ונד אין דער האַרטער פרעמדער וועלט פון אַרום. עטלעכע לידער האָב איך געדרוקט אין זיין צייטונג, צי מיט, אָדער אָן האָנאָראַר געדענק איך נישט.

.4

האָבנדיק אַביסל דאָלאַרן האָב איך און מיינס אַ פריינט ז. טיגעל, אַ וואַרשעווער, צוזאַמען אַרויסגעגעבן אַ בוך. אַ העלפט פון בוך איז באַ־שטאַנען פון אַ טייל פון מיינע לידער, די אנדערע העלפט פון מיין פריינדס אַ פּאָר דערציילונגען. דאָס ביכל איז געדרוקט געוואָרן אין קעלן ביים ריין (דייטשלאַנד). צווישן די טויזנטער יידישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן דעמלט פאַרפלייצט די יידישע געגנט פון בעלגיעס גרעסטער פּאָרט־שטאָט, האָט זיך דאָס בוך שנעל פאַרקויפט, ווייל אין מיינע לידער האָב איך באַזונגען דעם צער און די נויט פון עמיגראַנטישן לעבן. פון ז. טיגעלס דערציילונגען געדענק איך נישט מער דעם אינהאַלט. אגב, האָט מען מיינע לידער אויך געקענט זינגען... אויף אַ טייל מיינע לידער איז געווען געשריבן: צו זינגען מיטן ניגון פון „די דריי נייטאָרינס״, מיטן ניגון פון אַ „בריוועלע דער מאַמען״, און איין גאָט ווייסט, אַז עמך האָבן געקענט די מעלאָדיעס און זיי לייכט צוגעפּאַסט צו מיינע עמיגראַנטישע לידער.

נו, און ווער ווייסט, אין וועלכע קאַנאַדער שטעט, אָדער אין וועלכע לאַטיין ־ אַמעריקאַנער לענדער וואַלגערט זיך אַרום אונדזער ביכל?...

מיין העפט לידער האָב איך דערפירט ביז בערלין, ווו איך האָב זיי געלייענט פאַר דוד האָפשטיין, פאַר לייב קוויטקאָ און, אָפטערס, פאַר משה קולבאַק, וואָס האָט זיך מיט אַלץ, וואָס געשריבן אויף יידיש, וואַרעם פאַראינטערעסירט, געזאָגט מבינות און צוגעגעבן קוראַזש.

בערלין איז דעמלט געווען דער גרויסער קולטור־צענטער מיט העב־רעאישע שרייבער בראש מיט ביאַליק און עגנון. מיט די דערמאָנטע יידישע דיכטער און מיטן פּראָזע־מייסטער דוד בערגלסאָן.

אויף מיין וואַנדער־וועג אין דייטשלאַנד גופא — דיסלדאָרף, עסן, פראַנקפורט — איז מיר מיין העפט לידער פאַרלוירן־געגאַנגען, פון וואָס כ׳קען זיך נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט טרייסטן. דאָס איז אַ פאַרלוסט וואָס מען קען פאַרגלייכן צו אַ געליבטן מענטשן, אָדער צו דער יוגנט, וואָס מען האָט פאַרלוירן. ס׳איז פערזענלעך, אָבער ס׳טוט באַנג...

נאָר קיין הפסקה האָב איך אין שרייבן לידער קיינמאָל נישט גע־מאַכט. געשריבן ווייניק, אָבער רעגולער מיין גאַנץ לעבן. אַזוי אַז איך קען אָנווענדן אויף מיר די מעשה מיטן בערדיטשעווער און דעם בעל־עגלה: „אַפילו ווען ער שמירט די רעדער, דאַוונט ער אויך"...

דאָס שוואַרצע לאַנד — די קוילנגרעבער ־ געגנט אין צפון־פראַנק־רייך, — דאָרטן ווו איך האָב אַזוי פיל צענדליקער יאָרן מיינע פאַר־בראַכט, איז פאַר מיר דערפאַר מער אַ דיכטער־לאַנד, ווי אַ מסחר־לאַנד...

.5

און אַזוי אין גאַנג פון „סאַן ביז סען" האָב איך געפרוווט אָפּשפּיגלען אונדזער צייט. לידער מיינע זאָגן עדות דערויף: „נו שטיי איך אין דער וועלט, תמיד ערשט געקומען"... שפּעטער די יאָרן 1930 — 1939 מיטן אויפ־קום פון דער ברוינער מגפה, מיט דער מלחמה־פּראָבע אין שפּאַניע. דאַן די יאָרן 1939 — 1944 מיטן אויסשפּרייטן זיך איבער אייראָפּע פון דער פּעסט פונעם האַקנקרייץ. די פינצטערע אָקופּאַציע־יאָרן ביי אונדז אין לאַנד דאָ, דער אומקום פון אונדזער פאָלק... אוודאי זענען זיי טרויעריק, מיינע לידער, אָבער דורכגעפלאָכטן, מיין איך, מיט פעדעם פון האָפן און פון גלויבן אין מענטש און אין זיין מאָרגן.

איז דען מעגלעך וואָס־עס־איז צו שאַפן אָן צער? קענען מיר דען פאַרגעסן אַז מיר געהערן צו אַ פאָלק, ביי וועמען מען האָט זיינע קינדער פאַרגאַזט אָן אַ פאַרוואָס, אָן אַ פאַרוואָן? און דאָס אין אונדזער דור. פאַר די אויגן פון דער וועלט. און דאָס דורך אַ פאָלק, מיטן וועלכן מיר האָבן דורות געלעבט סיי אין זיין מיט און סיי בשכנות. אַ גרויס קול־טור־פאָלק, וואָס מיר האָבן גוט געקענט און פיל ביי גע שטייערט צו זיין ליטעראַטור, צו זיין קונסט, צו זיין פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט.

מיט דער גאַנצער חורבן־ליטעראַטור אונדזערער אין יידיש האָבן מיר דאָך נאָכנישט דערזאָגט, און זיינען נישט דערגאַנגען צום שאול־התחתית, צו דעם וואָס עס איז אונדז געשען. מיר קענען נישט פאַרשטיין, ווייל דאָס זענען זאַכן, וואָס זענען העכער פון מענטשלעכן שכל, און בלינד, און שטום שטייט דאָ דער מענטש פאַר אַזעלכע דערשיינונגען.

אָפּשפּיגלען אונדזער דור, אויף יידיש לשון, דורך אַ יידישן שרייבער איז אַ שליחות פון אַ באַזונדערן באַדייט. ווייל יידישקייט פאַרפליכטעט

צו מענטשלעכקייט. וואָס מער מענטשלעך — מער יידיש, און וואָס מער יידיש — מער מענטשלעך. נאָכמער, דאָס עכט מענטשלעכע דאַרף אונדז דינען פאַר אַ מאָס, אַ באַראָמעטער, ווו האַלטן מיר אין דער וועלט. און זאָגן דאַרף מען איבערן מענטש אַלץ, סיי וואָס איז גוט אין אים, און סיי וואָס איז שלעכט. גאָרנישט באַהאַלטן, אַלץ אויפדעקן. מען דאַרף זאָגן דעם אמת.

די פּאָר ווערטער מיינע צום חשובן לייענער, אַלס הקדמה צו מיין ערשט בוך לידער, זענען דער פּועל־יוצא פון מיינע שוין רייפע יאָרן, פון מיין פּרוּוון האַלטן אַן אויג אויפן מענטש, אויף זיך...

די פּאָר ווערטער וועלן אפשר פאַרשטענדלעכער און נאָענטער מאַכן דאָס ספר, וואָס ליגט דאָ פאַר אים. און ס'וועט פאַר מיר זיכער אַ כבוד זיין, אויב אַ מענטש וועט לייענען עטלעכע לידער מיינע, און נאָכטראַכטן וועגן דעם, וואָס איך האָב געזאָגט, אויף מיין אופן, אויף מיין שטייגער.

דער מחבר

ל י ל, 1967

# ע ל ע ה יי

עלעהיי כ׳בין דער שטיין,
וועלכן דיינע בויער פֿאַרוואַרפֿן,
עלעהיי כ׳בין דער בוים,
וועלכן ס׳דערשלאָגט דיין בליץ.
האָב איך דאָך וואָרצלען אַזעלכע
און אַ קאָרע אַזאַ!

מיינע בלעטער זיינען זיס,
ווי ברויט.
מיינע זאַפטן — אַלטער וויין.
עלעהיי,
כ׳בין דער בוים.
עלעהיי,
כ׳בין דער שטיין,

# שפּראַצט און בליט

און דיין בלינדע שנאה
האָט מיך זעעדיק געמאַכט.
און דיינע רייד די שלעכטע,
באַמיסטיקט האָבן מיין פעלד.
דיין בלוטיק מעסער,
ווי אַן אַקער-אייזן אויפגעריסן
און צעאַקערט האָט מיין גרונט.
און פון אַלע טיפענישן,
פון אַלע קוואַלן,
פון אַלע היילן מיינע —
שטראָמט און פלייצט,
שפּראַצט און בליט
די ליבע צו מיין פאָלק...

.1946

# און זע...

און זע:
אַרום ליבע און ברויט
דרייען טעג זיך דאָ אין טאַנץ.
אַרום דיר און מיר,
ווי רעדער פייערדיקע,
אין די נעכט געשליידערט.
און מיר צאַפּלען,
צאַפּלען...
אַמאָל
האָט עמיצער געזאָגט דאָ:
גיי!
און מיר,
ווי אַן אויפּרייס, ווי אַ לאַווע
גייען, גייען...
האָט דאָך יעדער
זיין לעצטע נאַכט,
האָט דאָך יעדער
זיין איוב־שעה.
און אָן תשובה שטאַרבן מיר דאָ.
דאָס איז אַלץ?
אַ ל ץ...

.1927

# ליגט אַ בענקשאַפֿט

ליגט אַ בענקשאַפט איבער וועלט
מאָנט מיין לעבן מיך אַזוי.
און אויף מיין פּנים
שטייט שוין אַלץ פאַרשריבן
זומערדיקער מאָרגן־טרויער.
זינגען פייגל דאָ פון פרייד
זינג איך אויך אַזוי:
איך בין אַ זון פון אָרעם־לאַנד,
ווו דער גורל שטאָלן־שאַרף
ווו די טרויער־ווערבעס וואַקסן.
ליגט אַ בענקשאַפט איבער וועלט
און אַ פרייד.
נעמט מען קאָסע און מען שניידט
און מען זינגט פון ראַנד צו ראַנד:
איך בין אַ זון פון אָרעם־לאַנד,
ווו דער גורל שטאָלן־שאַרף,
ווו די טרויער־ווערבעס וויינען

# אָוונט-וואָלקנס מיינע דאָרפישע...

אָוונט־וואָלקנס מיינע דאָרפישע
צי דערקענט איר מיך נישט מער?
ס'איז דאָך דער זעלבער הימל
ווי איבער אונזער דאָרף אַמאָל,
ווי איבער אונזער דאַך.
פייגל פליען אהיים צו די נעסטן,
מיינע מחשבות האָבן קיין היים נישט.
איך בין אויפגעוואַקסן ווי אַ ווערבע אין ווינט
און האָב מיר מיין וויי
און האָב מיר מיין פרייד.
אין מיינע טונקעלע הענט
ליגט שלעפעריק די נאַכט.
דאָס וואָיען פון אַ הונט
מאַכט מיך שטאָלץ און פאַרליבט.
איך ווייס:
איך האָב קיינעם נישט אין דער וועלט,
וואָס זאָל צו מיר אַזוי ליבלעך רעדן,
ווי דאָס וואָיען פון הינט
אין שכנישן דאָרף?

.1928

# און ווען א בלאַט פֿאַלט...

זאָג מיר דעם לעצטן ניין,
זאָג מיר ניין צום לעצטן מאָל.
גייט אַ וועלט אין מיר אַרום
ווי ניי־געבוירן,
און איך אין דער וועלט,
טויזנט־יאָריק...
הערסט דען נישט דעם ווידערקול
פון מיינע טריט
אין פאַרהוילעניש פון די נעכט?
און פון אויגן בלאַנדזשנדיקע די פייערן
געשליידערטע אין חושך?
און ווען אַ בלאַט פאַלט,
הינטער לאַדן פאַרקלאַפּטע
אין פאָרם פון אַ האַרץ?
ס'איז ווינטיק און קאַלט
ווילט זיך אַלע שלאָפנדיקע פענצטער וועקן:
— ווו גייט מען דאָ אַהיים?

.1928

# ווער ביסטו?

אין ראָם פון מיין אויג, ווער האָט דיך דאָ אַריינגעפּאַסט?
אונטער האַמער־שלאָג פון מיין האַרץ
ווער האָט דיך דאָ פאַרוואָרפן?
עגבער איך דיך, אַ בלינדער אַזאַ.
מיט אומגעשטילטער התמדה
גראָב איך אין יעדן שפּאַלט דיינעם
מיט וווּנד־געוואָרענע הענט און פיס...
נאַקעט ליגסטו פאַר מיר
אונטער מאָס פון מיין אויג,
אונטער פאָרם פון מיין האַנט.
מיט האַרץ און מיט מוח שלייף איך דיך,
נאַקעט ליגסטו פאַר מיר,
און דאָך!
אין יעדן אָטעם באַגעגנען מיר זיך,
אין יעדן בויג,
ווי פרעמדע באַשעפענישן צוויי,
און מעסטן זיך אויג אויף אויג.
ווער ביסטו?
ווער ביסטו?

1929.

# וועלט אזא ווי דו ביסט

וועלט אַזוי ווי דו ביסט,
מיט אַלע דיינע ווייטיקן,
מיט אַלע דיינע פעלערן —
איך האָב דיך ליב,
איך האָב דיך ליב.
געקנעטן ביסטו
פון מיין בלוט און שווייס,
געגרונטפעסטיקט
מיט מיינע קנאָכן.
וועלט!
אין יעדן פעלדז דיינעם
דעם כוח פון שאַפנדיקע הענט
דערפילן.
אין יעדן פאַלנדיקן בלאַט
דעם סוד פון גרויסן שטאַרבן...
וועלט אַזוי ווי דו ביסט,
אין אַלע דיינע משוגעתן,
אין אַלע דיינע פאַרבן —
איך האָב דיך ליב,
ל י ב — — — — — —

.1928

# העי, פויער

העי, פויער מיט אָקסישע שריט.
ביסט נישט געוואַשן, נישט שיין.
מיט אַקערן, זייען און שניט
גייען די יאָרן און גייען...

אויף אַקער דאָרט בערגיק און טאָליק
דאָס פויערל פלוכט און שרייט.
מיט אָקסן דאָס לערנט ער בלק,
ביז די זון הינטערן וואַלד פאַרגייט.

ווער רעדט דאָ פון גאָט, פון קריסט,
פון פוסטע און אומנוצע רייד?
מען צעוואַרפט אויף די פעלדער דאָס מיסט,
מען אַקערט דעם גרונט און מען זייט.

און פון מענטש דאָ ווער רעדט, פון וועלט
ווען ס'קלעקט קוים אויף שלאָפן די צייט?
שטייט צייטיק דער קאָרן אין פעלד,
גייט מען אַרויס און מען שניידט.

העי, פויער מיט אָקסישע שריט.
ביסט נישט געוואַשן, נישט שיין.
מיט אַקערן, זייען, און שניט,
גייען די יאָרן און גייען...

.1926

# ווילט זיך דיר אַמאָל

ווילט זיך דיר אַמאָל פון מאַמעס פענצטער קוקן
אין ווינטערדיקן געסל, אַ וואָראָנע אויפן פלויט.
שטיל פאַרן אויוון זיצן, וואַרעמען דעם רוקן
און אָטעמען זאַטן ריח פון פריש געבאַקן ברויט.

דערציילט די מאַמע קינדיש פון פראָסטע גוטע יידן,
ווערט פול די שטוב מיט תהילים, מאַמעס־קול — געזאַנג.
פון שבתדיקער מנורה שטראַלט אַ וועלט מיט פרידן,
און גאָרנישט טוט דיר ווי, און גאָרנישט טוט דיר באַנג.

צעקרייט זיך שכנס האָן, כאַפּט אים אונדזערער אונטער.
אַ דריטער, און אַ פערטער. און שלעפעריק פאַלט דער שניי.
אויף לאַנקעס און אויף וועלדער ליגט אַ וועלט מיט ווינטער.
אין שטוב איז פול מיט מאַמע, מיט קאָרן־ברויט און טיי.

ווילט זיך דיר אַמאָל פון מאַמעס פענצטער שווייגן
און האָרכן ווי זי זינגט פון מיידל־צייט אַ ליד.
און ווי אַמאָל אַלס קינד דעם קאָפּ אין קישן לייגן
און זאָגן האַלב אין דרימל: מאַמע, איך בין מיד.

.1943

# און דאָך ווילט זיך מיר

אַהאַ! מײַנע פּאַרנונפּטיקע לידער.
מײַן קלאָרער, מײַן קאַלטער פאַרשטאַנד . . .
און דאָך ווילט זיך מיר ווידער און ווידער
אַהיים, אין מײַן קינדישן לאַנד.

זומער פאַרנאַכט גײַען אַקעגן דער מאַמען,
אַזוי זיך דער מאַמען אַקעגן.
שטייען פענצטער צעגליטע אין פלאַמען,
טראָגן גאָלדענע קרוינען די צווייגן.

און זען ווי די נאַכט שפּרייט דאָ אויס
אַ בלווילעכע סאַמעטענע דעק.
רוקן הײַזלעך ענגער זיך צונויף,
ווי קינדער באַנומען פון שרעק.

ווײַל איך אַ באָרוועסער יאָגן די רייף.
ס'איז דער ערד-באַל וואָס פליט.
פליען די געסלעך, די הייף
און איך אין דער מיט.

און זע נאָר דעם וועלטישן גייער
אַרום קאָנטינענטן און ימען.
מיר ווילט זיך דאָ זייער און זייער
פאַרנאַכט גײַין אַקעגן דער מאַמען.

1943.

# היינט איז דער טאָג מיין...

איך רעד דאָך צו דיר מיט דער שטים פון מיין בלוט
פאַרוואָס קערסטו זיך אָפּ?
איך רעד דאָך צו דיר מיטן לשון פון די מאַמעס —
פאַרוואָס ביסטו שטום?
היינט איז דער טאָג מיין!
יעדע רגע מיינע איז תופס דעם טויט
און די פרייד פון זיין...
עס איז אַ שטורעם אין מיין בלוט,
פון צעפלאַשעטע ווינטן
און פון שטיקער הימל.
עס איז אַ יום־טוב איבער מיין קאָפּ,
פון אויפגאַנג און צעבלי.
און ווי אַ נאָמען, וואָס זינגט זיך אליין,
רוף איך דיך:
נעם!
און אַלץ וואָס איז דאָ,
און אַלץ וואָס כ׳פאַרמאָג.
איז גאַרנישט
אין פאַרגלייך צו דיינע אויגן,
וווּ מיין בענקשאַפט וווינט.
איך רעד דאָך צו דיר מיטן לשון פון דער ערד
מיטן לשון פון די מאַמעס...

1925.

## אַזאַ גרויסע, גרויסע וועלט...

און פלוצלונג, אַ בליץ...
שפּיציק און שאַרף
אַ שניט!
און דו זעסט:
אין עפּעס אַ טאָג פון די טעג,
אין עפּעס אַ נאַכט פון די נעכט,
אין אַ בראשית־שעה אַזאַ.
ביי דער האַנט זיך אַ כאַפּ־טאָן:
אַהאַ — — — — — —
און ניכטער און קלאָר
ביים נאָמען זיך רופן
ביים קינדישן נאָמען.
און דורך אַלע אָדערן בלוטיקע,
ווי אַ עלעקטריע־שטראָם,
דעם אָנהויב און דעם סוף
אין איין אָטעם דערשפּירן:
אַזאַ גרויסע, גרויסע וועלט! —
און דאָס בין איך...
און דאָס בין איך...

.1925

# טאַנץ-ליד

אויף האַרבסטיקע לאָנקעס. אויף נאַקעטע פליינען
מיר ווילט זיך מיט ברוגזע כמאַרעס צעוויינען
מיט ווינט זיך פאַרפלעכטן, אין קזשאַקעס, אין צווייגן.
אַלץ דאָ איז הפקר, און אַלץ דאָ מיין אייגן...

אויף וואַלדיקע שליאַכן, אין קיינעמענס געגנט...
איך האָב אין דער היים זיך מיט אַלע געזעגנט.
איז וואָס דאָ נאָך וואַרטן? צו וואָס זיך נאָך גרייטן?
נו, שפּילט מיר צום טאַנץ אויף, איר ווינטיקע פלייטן...

אַז טאַנצן איז טאַנצן. אַראָפּ די קאַפּאָטע,
און פראַק און צילינדער געשמיסן אין בלאָטע.
אַזוי־אָ... און פריי, איבער פעלדער און וועלדער,
אַ יאָ? ס'איז אַ טאַנץ דאָס. אַ יאָ! איך געפעל דיר?...

איבער האַרבסטיקע לאָנקעס. איבער נאַקעטע פליינען
און ס'וויינט זיך, און ס'פרייט זיך מיט שוואַלבן אינאיינעם...
מיט ווינט זיך פאַרפלאָכטן אַ לעבן אַ גאַנצן
און טאַנצן און וויינען, און לאַכן און טאַנצן...

.1925

# האַרבסטיקער אָוונט

האַרבסטיקער אָוונט הענגט שווער איבער בערג
אין טאָלן־דערפֿל קלאָגן די הינט.
מיין געליבטע וואַרט ביים ווייסן שטיין,
וואָס ביים פֿאַרלאָזענעם טורעם.

תבואה־בלאָנד איז מיין מיידל,
מיר האָבן זיך אַזוי ליב געהאַט.
אַרום דעם פֿאַסטעך־פֿייער,
אין זומערדיקע נעכט
האָבן מיר זיך די הערצער געשענקט.

האַרבסטיקער אָוונט הענגט שווער איבער בערג
און די ווייַן-פֿעלדער דאַרן,
די בלומען פֿאַרוויאַנען.
מיין מיידל אַ באָרוועסע אויף די וועגן
קוקט זיך די קאָרן־אויגן אויס.

.1925

# ה יי נ ט

הײַנט,
װעט שױן גאָרנישט נישט געשען.
כ׳װעל נאָר לענגער
אין בלעטער־פֿאַלנדיקן פּאַרק
פֿאַרבלײַבן.
און אױפֿמערקזאַמער,
און שטילער,
און רואיקער זײַן

הײַנט,
װעט שױן גאָרנישט נישט געשען.
אַלע װײנענדיקע װאָלקן,
אַלע װעלקנדיקע בלומען,
אַלע טרױער־װערבעס
שאָקלען מיט די קעפּ אױף נײַן.
דערנאָך װעל איך גײן
צו דער פֿרױ, װאָס כ׳האָב ליב,
און דאָרט אױך נישט פֿאַרבלײַבן.
אַ לעצטער שטראַל
װעט אױף מײַן פּנים פֿאַרשרײַבן:
הײַנט —
װעט שױן גאָרנישט געשען.

1938.

## אַ טאָג אַזאַ

אַ פרימאָרגן, אַ קרישטאָלענער — שאַמפּאַניער־פּול אַ בעכער.
טראָגט אַ קרוין דער וואַלד. זונען־גאָלד און שניי,
שפּאַן איך אַ באַרוישטער, העכער אַלץ און העכער.
כ׳פרעג זיך וואָס מיר איז, כ׳פרעג זיך ווו איך גיי.

אַ טאָג אַ שטאָלענער אַזאַ, געפּאַנצערט און געמאָלן.
אויף ווייסן פערד אַ ריטער, פעסט געבויט און שיין —
ווילט זיך רייסן בערג, טאַנצן אין די טאָלן,
האַלדזן יעדן בוים און וויינען אויף אַ שטיין...

.1947

# עס קען זיין...

ווי טונקעלע שווערע שיפן איבער וואַסערן בלאָע
גליטשן זיך וואָלקן איבערן נאַכטיקן הימל
און די לבנה אַן אויסגעמאַטערטע אַ גראָע,
שפּילט זיך אין באַהעלטעלעך.
עפּעס פּאַסט זי מער נישט, אין דער נאַכט אַריין
די אויסגעבלייכטע מיטן מאָנעדיקן פּנים,
און איילט אַ ברוגזע אַהיים...
עס קען זיין:
צופיל רוישיק איז דער טאָג
עס זאָל ווער די נאַכט געדענקען.
און ס'קען זיין
(אָ, געליבטע מיינע...)
ווער נאָך דיר זאָל בענקען?
צייט עס האָט די וועלט פאַרלאָזט
היינריך היינע — — — —
איז טרויעריקע לבנה
געבליבן אַן אלמנה — — — — —

.1927

## צ ו ל. ב.

אין די אָונט־הימלען זומערדיקע,
וואָס זוכן דיינע שטילע אויגן אין די הייכן?
בשעת זון־פאַרגאַנג איבערן לאַנד,
וואָס נויגט זיך דיין געהער צו די וויטן?
דאַרף דען ווער דאָ פאַרבייגיין, און רופן: קום!
אָדער איז עס דיין אומרו,
וואָס פלאַמט דאָ צווישן טאָג און נאַכט?
זע: די זון איז שלאָפן געגאַנגען הינטער די בערג.
טאָג האָט אַראָפּגענידערט אין טאָל פון דער נאַכט.
און דיינע בלאָנדזשענדיקע בענקשאַפטן,
ווי אַ מחנה הירשן, יאָגן צו דעם קוואַל...
דיין פענצטער שטייט אָפן צו די שטערן.
הייס רוישט דיין בלוט אין דיינע גלידער.
און דער דופק פון דיין האַרץ.
ווי אַ פחד־גלאָק בשעת אַ שרפה...
אַזוי וואַרטן קינדער
אויף מאַמעס אַהיימקער.
און אַזוי וויינט דיין בענקשאַפט
אין פאַרלוירענע נעכט.
ביז דער שלאָף,
מאַכט דיך גליקלעך — — — — — —

1927.

# ד ע ר  מ ע נ ט ש

דער מענטש האָט זיך הייזער געבויט
און פון טיר צו טיר אַ שילדל אויפגעשלאָגן...
דער מענטש האָט זיך מיט מויערן פאַרצוימט
הינטער שלאָס און ריגל זיך באַהאַלטן.
שטיין אויף שטיין, אַ גאַס נאָך אַ גאַס
מיט אַ שטאָלערנעם קאַסק אויפן קאָפּ...
און מאָרגן:
יעדער אין זיין יאָך.
און פייניקן זיך מיט ווערטער, און מיט בליקן.
אויף די העלדזער פאַלט מען זיך,
גרייט צום דערשטיקן
און האָבן חרטה אין די נעכט.
אויף די, וואָס באַצווינגען דאָס לעבן
פאַלן פון זייער אייגענער קראַפט
און דינען זיך ווי קנעכט...

.1927

# צייט דו ביסט אַוועק

צייט דו ביסט אַוועק
זיינען מיר די שטערן שוועסטערן געוואָרן.
אין אַ גרינעם בויגן האָב איך זיי פאַלן געזען
מיינע פאַרלוירענע שטערן.

צייט דו ביסט אַוועק
זיינען בלינדע מיינע הענט
און פאַלן זיך אין די פינגער
און שטאַרבן ווי פאַרליבטע.

איך פאַרנעם נאָך אַלץ אין שפּעט־נאַכטיקע טריט
דעם פאַרשיכורטן רויש פון דיין פאַלדן־קלייד.

און אָפּטמאָל:
רייס איך מיין ליבשאַפט — פון צעבראָכענער שייד
אַ שאַרף־בלאַנקנדיק מעסער,
נאָר דיין האַרץ איז פון שטיין...

# אַ מענטש אַזוי ווי דו

נו, שטיי איך אין דער וועלט
מיט לערע הענט,
פאַרשטויבט פון קאָפּ ביז פיס
און אַלץ, וואָס רופט זיך
לעבן — — —

נו, שטיי איך אין דער וועלט
ווינט און זון צעברענט.
וואָס ווייס איך פון דער וועלט?...

נאַכטיקע וואָקזאַלן,
מיט אָרעמקייט פאַרשעמטער
לעצטן צוג דערוואַרטן.

נו, שטיי איך אין דער וועלט,
תמיד ערשט געקומען...
קאָן זיין איך גיי פאַרביי
אַ פענצטער פון דער היים...

נו, שטיי איך אין דער וועלט,
אַ מענטש, אַזוי ווי דו!
כ׳ווייס: גאָרנישט!
גאָרנישט!

.1925

# און אויב א חלום

איך ווייס נישט מער, ווו כ׳האָב דיך געזען,
אין חלום אפשר צי אין וואָר,
נישט כ׳געדענק ווען דאָס איז געשען
אין וועלכן לאַנד? אין וועלכן יאָר?

האָט געבליט דער בעז, האָט געגליט דער שניי,
האָט אַ זון געפלאַמט, געפרוירן אַ לבנה?
מיר דוכט זיך אַלץ: איך גיי, איך גיי
און טראָג אין פויסטן צוויי
די וועלט דיר אַ מתנה.

איך דערמאָן זיך נישט דעם ברען פון דיינע אויגן,
נישט דעם ווילדן גלאַנץ פון דיינע האָר.
איך זע נאָר איבער אונדז אַ הייסן רעגנבויגן.
און אויב אַ חלום, בלייבט ער אייביק וואָר.

## ד ײַ ן  נ אָ מ ע ן...

איך האָב זיך אַ וואָרף־געטאָן
אויף די נאַקעטע נעפּל־פעלדער,
דעם זוים פון אַוועקגייענדיקן זומער
צו קושן.
אויף אַלע וועגן,
איז די זון אַ קראַנקע געלעגן.
אַ גאָלדענער אומעט
אויף געפאַלענע בלעטער.
האָב איך מיט אַ צעבראָכענעם צווייג
דײַן נאָמען
אויפן זאַמד פאַרצייכנט.
אין אַלע נעסטן זײַנען שוואַלבן
פון בענקשאַפט אויסגעגאַנגען...
בין איך נאָך לאַנג אַזוי,
בײַם טויער פון האַרבסט געזעסן.
און געפיבערט,
דײַן נאָמען...

.1925

# פ ר אַ נ ק ר י י ך

.1

גערליימטע שטייען די פרימאָרגנס דיינע —
זיי קענען נישט דערוואַכן,
און איבער דיינע הימלען
גייט די זון פאַרבלוטיקט אויף
און פאַרגייט אַזוי — — —
אויפגעדעקט און בלויז
שלאָפט דער טויט אויף דיינע וועגן.
יעדע גרודע ערד —
אַ פויסט אַ פאַרקראַמפטער,
יעדעס בלאַט, וואָס פאַלט —
אין פאָרם פון אַ האַרץ...

.2

אויף דיינע פעלדער בליען ווייסע צלמים,
און די וועלדער דיינע
האָט דער גרויל צעפרעסן
שטאַם און צווייג.
פראַנקרייך!
יעדער מיילנשטיין דאָ אויף וועגן
יעדער בוים פון דאָרף צו דאָרף —
אַ מאָנומענט פון שרעק איז
און פון טויט.

.3

קלויסטערס קלאָגן דאָ מיט אָפּגעהאַקטע קעפּ,
אין יעדן הויז — אַ מת פאַראַן.

און איך אַ פרעמדער דאָ —
זיינען אַלע ווייסע צלמים
מיינע ברידער.

— — — — — — — —

ווילט זיך מיר אַ באָרוועסער
גיין פון דאָרף צו דאָרף,
אַ מאַמען ערגעץ
העלפן בלומען צו באַגיסן
אויף אַ ווייסן צלם,
וואָס אינמיטן פעלד.

.1926

# יעדער זיין חלק...

צוואנציק פולע יאָר, טאָג פאַר טאָג
ביי שניידערן געשמאָלצן רויען אייזן.
זיך אַ ווייב פאַרשאַפט. אַ בעט. און זאָג:
וואָס קען אַן ארבעטער דאָ מער באַווייזן?

געוואָרן טאַטע פון בלאָנדע יונגען צוויי,
וואָס קען אַ פּראָסטער מענטש דאָ מער פאַרמאָגן?
ביז מען האָט געזאָגט: נעם אַ ביקס און גיי...
און דער אייזנגיסער איז אַוועק זיך שלאָגן.

מען שטאַרבט אַ יאָר, צוויי, דריי און פיר
חלומען טוט די וועלט אַ בייזן חלום.
ביז דער שונא קומט ווי אַ בעטלער פאַר דער טיר
בעטן שלום — — — — — —

און פרייד אין לאַנד איז גרויס, גרויס בצחון־גלאַנץ.
געלויבט זאָלן זיין די בראַווע אַרבעטס־יונגען.
יעדער האָט זיין חלק דאָ. ווער אַ העלדן־קראַנץ
און ווער אַ פּאָר פאַרסמטע לונגען...

1925.

# פון סאַן צו דער סען...

(פ אָ ע מ ע)

.1

מיט אַ פינף־פונטיק ראַזעווע ברויט,
אַ פּאָר תפילין איינגעבונדן אין דער מאַמעס טיכל,
אַ תנכל אַ צעשיטס און אַ מעשה־ביכל —
אַזוי בין איך אין דער וועלט אַרויס.

קיינער זאָל מיך נישט באַגלייטן, איז געוועזן מיין ווילן —
צו אַכצן יאָר, איז מען דאָך שוין גרויס!
נאָר די מאַמע, מיט אַ הינטער־וועג אַ שטילן,
איז ביגוואַלד נאָך מיר צו דער באַן אַרויס.

אַ פרעמדע שטייט זי דאָ, פאַרשעמט און שטום,
זי זעט אַ ווייטן זון ווי אין אַ שלאָף אַ האַרבן.
אַ לעצטער בליק אין פאַרצווייפלונג, מיך אַ נעם אַרום
און איז אַהיים געגאַנגען שטאַרבן...

.2

ווי לאַנג, ווי לאַנג האַלט אָן אַ פינעף־פונטיק ברויט?
און באַנען ווילן אויך אומזיסט נישט פירן.
יעדעס הויז אין דאָרף האָט אַ הונט, אַ פלויט,
אין די שטעט הענגען שלעסער אויף די טירן...

שוין נאָך דער קרעטשמע, די תפילין אויך פאַרזעצט.
בינדט מען מאַמעס טיכל, ווי אַ קמיע אַרום דעם האַלדז.
צום ערשטן בעסטן בוים זיך רוען צוגעזעצט
און אַ פייף געטאָן אויף אַלץ.

נאָר אַ וועלט, כידוע, לאָזט לאַנג אויף זיך נישט פייפן.
געלט פאַרלאַנגט דער קרעמער, די גרענעץ־וואַך — אַ פּאַס.
אויף סטעזשקעס, צעפּ־פאַרפלאָכטענע, מיט קניפּן און מיט שלייפן,
שפּאַנט צופוס אַ בחורל, הונגעריק און בלאַס.

.3

געלויבט צו גאָט, ס'איז זומער־לעב. די ערד, אַ גוטע מאַמע,
שפּייזט דאָ יעדעס ווערמל, דעם אַדלער און די פליג.
נאָר דער מענטש, דער מענטש אַזוי... דער קלוגער תנא קמא,
שפּילט זיך דאָ אין גרענעצן, אין זעלנער און אין קריג.

בודיאָני ביי דער ווייסל. ספּאַרטאַקוס ביי דער שפּרע...
אויף די קני ליגט ווין מיט אויסגעשטרעקטער האַנט.
אָ, גוטער „אַנקל־סעם", האָב רחמנות! זע!
געפאַלן איז מיין קרוין־שטאָט, הונגעריק מיין לאַנד.

פלייצט אייראָפּעס אָרעמקייט, פון פּוילן ועד הנה,
אַ טייך אַרויס די ברעגן, פון שטורעם אויסגעשניטן, —
מלחמה ביי דער ווייסל, פּאָגראָמען אין אוקראַינע,
און אונדזער בלאַסער הונגערמאַן, ווי אַ קאָרעק אינמיטן.

.4

אַ לאַסט־שיף אויסגעפּעכט מיט סמאָלע. אַ זכר נאָך פון נחס תיבה...
שלעפּט זיך צו די חומש־ברעגן ביד חזקה... אַ והא ראיה.
אין געקלעפּטע מאַנדאָלינעס, שמוגלען יונגען דאָ בגניבה
רעוואָלווערן שאַרף געלאָדן , צו דער צוגעזאָגטער היים דער נייער.

און פון מזרח און פון מערב און פון דרום און פון צפון
פירן שווערע אַסטמע־באַנען, שבטים גאַנצע — דור הפלגה...
צו די פּאָרט־שטעט פון אַטלאַנטיק (פון א שרפה קוים אַנטלאָפן)
מיט קינדער און מיט זעק באַהאָנגען — בעטלער בלינדע, אין אַ חגא.

.5

שיפן פינצטערע דרעמלען מיר אין האַפן,
ווי נאָך אַ שווערער שלאַכט, עס רוט דאָ די אַרמאַדע.

קלאָגט דער ווינט ־ אויס אַ פינאַל פון אַ באַלאַדע
פון היימען שווער־פּאַרלאָזטע, היימען נייע שאַפן...

נישט קיין הימל, נישט קיין ערד און נישט קיין שטערן.
נאָר דער לייכט־טורעם פרעך רייסט דאָס נאַכט־העמד פון דער געגנט.
אַ סירענע רופט נאָך הילף... עס שרייט דער ים... עס רעגנט,
גלייך ס'וועט קיינמאָל, קיינמאָל דאָ שוין טאָג נישט ווערן.

.6

אין אַ פּאָרט־שטאָט פון נאָרמאַנדיע
בלייבן, נאָכן מבול, צוויי:
ער, אַ בחור פון פּאָלאַנדיע
זי — אַ מיידל פון וואַלאַכיי.

און פראַנקרייכס לאַנד איז ווי אַ גאָרטן,
און האָבן האָט מען יונגע פיס,
שפּאַנט מען, רוט מען, דאָ און דאָרטן
אַ גוט מאָרגן דיר, פּאַריז...

— וואָס איז דאָ אַזאַ געיעג?
וואָס איז הי אַזאַ געגיי?
דעם בחור טוט אַזוי אַ פרעג,
דאָס מיידל פון דער וואַלאַכיי.

— אוי, טייערענקער האָב רחמנות!
מיך הונגערט שטאַרק און איך בין מיד,
— מען דאַרף דאָ טאַקע, אויף נאמנות,
זיך דערפרעגן צו אַ ייד...

.7

נישט קיין פראַנקן, נישט קיין לשון, נישט קיין פּאַך.
און דאָך איז אַלץ מיר היימיש דאָ באַקאַנט.
אַ חוץ דער מאַמעס טיכל און טאַטנס תנך,
איך האָב דאָ קיינעם נישט, אין פרעמדן לאַנד.

ווי פון אַ טונעל אַ פינצטערן נאָר וואָס אַרויסגעקומען,
ווי אויפגעוואַכט פון קאָשמאַר, בלוטיקן און שווערן
שמעקט דאָ אין דער לופט מיט ווייַן און מיט פּאַרפומען
און מיט פרויען יונגע, גרייטע צום געבערן.

אַ פרימאָרגן — מעשה־בראשית, זון וואַרפט גאָלדענע שווערדן
אויף קלויסטער־שפּיצן גרינע, אויף בריקן און אויף דעכער.
עס שמעקט מיט פרישע זעמל, עס שמעקט דאָ נאָך מיט ווערדען
אַ צעשטראַלטע שטייט פּאַריז — אַ דאַמע מיט אַ פעכער.

# דער רײַטער

איך ווייס דאָ גאָרנישט. און וואָס ווייטער
און וואָס טיפער שטילער ווערט.
שפּאַנט צו פוס און מיד אַ רייטער
אָן אַ לאַנד און אָן אַ פערד.

— איך זע דאָ גאָרנישט. און וואָס ווייטער
און וואָס טיפער טונקעלער ווערט.
וואַהין שפּאַנסטו דאָ, דו שטרייטער,
אָן אַ שפּיז און אָן אַ שווערד?

— איך בין דאָ גאָרנישט. און וואָס ווייטער
און וואָס טיפער קלענער ווערט.
עס איז דער שאָטן מיין באַגלייטער
און דאָס אייגענע פאַרקערט...

איך האָב דאָ גאָרנישט. און וואָס ווייטער
און וואָס טיפער פוסטער ווערט.
אָט אַזוי אָ, גייט און גייט ער
נישט געזען, און נישט געהערט...

— איך וויל דאָ גאָרנישט. און וואָס ווייטער
און וואָס טיפער שווערער ווערט.
און דער רייטער אַ באַפרייטער
פאַרלאָזט די מענטשן און די ערד.

# מענטש און בלוט...

ווי ס׳פרעגט די פלאַנץ ביים גערטנער נישט
צו וואָס זי וואַקסט,
אַזוי פרעגט דאָס בלוט ביים מוח נישט
צו וואָס עס קאָכט...
אַ רויטער פיבער טרייסלט אינעם מענטש
ווי ס׳טרייסלט ווינט דיביימער אין אַ וואַלד
ערב שטורעם — — —
נאָר דער שכל בלויז קאָן פרעגן
אָדער שווייגן.
מענטש אין בלוט
פלאַקערט זיך און ברענט...

1940.

# איך לייען

איך לייען און איך לייען,
איך לייען די בוימער און דאָס גראָז,
די בלומען־שורות, מיט ריחות פון די קינדער־יאָרן...
און די חוה־אויגן גרינע, פון יונגע פרויען.

איך לייען די וואָלקן און די שטערן
אַ זונען־אויפגאַנג אייביק ניי.
איך לייען דעם הפקרדיקן שוואַלבן־פלי פאַרנאַכט
און דאָס ערשט־פאַרוועלקטע פאַלנדיקע בלאַט.

איך לייען די פאַרמעט־פנימער פון אַלטע לייט,
דעם בלויען רויש פון שפילנדיקע קינדער,
דאָס זינגנדיקע שווייגן פון פאַרליבטע,
ווי פאַרטריבן פון גן־עדן.

איך לייען דעם הייסן יולי־ווינט,
וואָס גלעט די ווייצן־פעלדער רייפע.
ווי יונגע פרויען־קערפער בראָנזענע...

איך לייען די שניי־בערג און דעם ים
ווו כוואַליעס רוגזהדיקע — בייזע חיות —
ווייזן ציין אַ וועלט.

איך לייען און איך לייען
דיין לוסט און דיין פיין,
און פול מיט טרויער בין איך.
און דיין צער איז מיין!
און דיין פרייד איז מיין!
און איך לייען, און איך לייען...

דיאַבלערע, (שווייץ)

# איך שטיי ווידער...

איך שטיי ווידער אין דיין ברענעדיקער מיט
מטורפע וועלט.
מיט אויפגעבראָכענע ווונדיקע פויסטן
מיט אויפגעריסן צייטיק לעבן
איך שטיי ווידער ביזן האַלדז אין בלוט
מענטש! מענטש!
שטעגן און סטעזשקעס פאַרפּלאָנטערטע
לויפן זיך צוזאַמען, פאַרלירן זיך.
אַ בלענד, אַ בליץ
און ווידער חושך.
איך שטיי ווידער אין דיין געוואַלט.
בלוטיקע וועלט.
און מיין יעדער שריט
איבער שטרויכל-שטיינער פאַלט,
מיין יעדער בליק
ווייסט פון נעפּלדיקע זיילן
איך פאַרליר זיך...
איך פאַרליר זיך...
מענטש! מענטש!

.1940

# אין מיינע בלוטן...

אין מיינע בלוטן זינגט נאָך אַלץ דיין אומעט.
ווי אויף פידלען שלאַנקע, ווי אויף פערלמוטענע קלאַווישן.
מאַך מיך נישט צום פלאַם פון דיין נר־תמיד,
און צום הימל נישט, פון דיינע בענקענישן.

איך בין דער האַרבסט, אין וועמענס חושכע אַלייען
דיין גורל קלאָגט אין די אָרעמס פון אַ דיכטער.
מאַך מיך נישט צום עדות דאָ פון דיינע ווייען
צום יום הדין דערווייל מיך נישט צום ריכטער.

איך בין דער זון אויף וועמענס בלאָנדזשענדיקע הענט
די טאַטעס שלאָפן איין דעם לעצטן שלאָף.
דער בלינדער בין איך, טאַפּנדיק ביי ווענט
און פון דיין געזאַנג — דער לעצטער סטראָף...

.1927

# פֿון א בריוו פֿון בערלין

.1

וואָס זיינען ווערטער, וואָס אין אַ פּראָסטן בריוו
אַקעגן גרויל פֿון נעכט, פֿון טעג, פֿון וואָכן?
מיר זיינען דאָ געגליכן צו אַ זינקנדיקער שיף
פֿון שטורעם צעבראָכן.

וואָס איז צער? ווי? וואָס איז שפּאָט און שאַנד
מיט טינט און פעדער אויף ווייס פּאַפּיר געשריבן
אַקעגן קינדער־שנאה געהעצט צו רויב און בראַנד,
צו זעלבסטמאָרד צוגעטריבן?

און דאָס אין דייטשלאַנד, אין אייראָפּעס סאַמע מיט,
אין לאַנד פֿון געטע, פֿון העגעל און פֿון קאַנט.
געשיכטע שרייבט אַזוי מיט אונדזער בעסטן בלוט,
אַ מערדער־האַנט...

און דאָס אין דייטשלאַנד, אין רואיקן בערלין,
אין קינסטלערישן מינכען, אין קאַטויליש־פרומען קעלן.
אין בלוטיקער קרישטאַל־נאַכט, אין גיהינום פֿון זבאָנשין
זיי ווען מאַטערן, זיי ווען...

אַזוי איז דאָ געשען פֿון ווייסל ביזן רייַן,
נישט ערגעץ אין אַ דזשונגל צווישן ווילדע חיות.
עס קען אַ וועלט אפּנים אונדז נישט מוחל זיין,
אונדזערע ירמיהס און ישיעהס...

עס קען אַ וועלט נאָך אַלץ אונדז נישט פאַרגינען.
די נביאה אונדזערע: און קומען וועט די צייט...

און טיפער אַלץ, און ברייטער צעוואַקסט זיך דאָ די שנאה
בלינדערהייט . . .

און וואָס נאָך ? און וואָס נאָך ?
מען קען דען אַלץ דערציילן אין אַ בריוו ?
עס איז זייער גרויס, מיין ליבער, אונדזער בראָך.
און זייער טיף . . .

.1939

# נ י ש ט  אַ נ ד ע ר ש

מיט אַ בייזן כיוון האָט אונדז עמעצער
ארייינגעבוירן דאָ.
און איבער סכנהדיקע טיפן
אַ פלאַם אַזאַ דאָרט אָנגעצונדן
גיי!
און דורות, דורות בלינדע לעבנס
ציען צו דעם פייער דאָרטן
באַרג אַראָפּ.
נישט אַנדערש
עס האָט זיך עמעץ דאָ אַ שפּאַס געמאַכט
און אַ וועלט באַשאַפן
און אַ מענטש...
און יעדע צייט
איר אויסגעלאַכטן נאַר,
יעדע אומה
איר בעסטן קלאָון,
און שפּילן זיך שלי־שלך...
נישט אַנדערש.
אַז דאָס איז דאָס לעבן
אַז דאָס איז דער אמת
והא ראיה...

1939.

## פֿון פּוילן אַ בריוו

.1

עס האָט נאָך ווינטער
קיינמאָל נישט געדריקט אַזוי,
ווי הײַיאָר דער.
עס האָט נאָך הונגער קיינמאָל נישט
אַזוי געבײַלט די פויסט,
אַזוי געשטערעקט די האַנט
דראָענדיק און שווער.
דען ס׳איז, חבר טײַערער,
זייער גרויס די שאַנד
ביי אונדז אין לאַנד.

אָ, ווען דו ווייסט ווי ס׳לעבן גייט דאָ אויס,
צערינט
און צו וואָס עס קען דערפירן מענטשלעך גראָע נויט.
אין בלאָטע טרעט מען זיך צוליב אַ לאַבן ברויט
און ווי די הינט
רייסט מען זיך דעם ביסן פונעם מויל אַרויס.

.2

דו שרייבסט פון קאַמף. מיר קעמפן דאָ אינצווייען —
מיטן היימישן און מיטן דרויסנדיקן שונא.
נאָר ס׳איז לייכט אַ הונגעריקן אַ קאָפּ פאַרדרייען
און ס׳פעלן קיינמאָל נישט דערויף קיין טונקעלע פאַרשוינען.

וואָס דאַרפסטו מער. מיר וואָס שטענדיק אויף דער וואַך
פאַלן אויך אָפּ, מיר ווערן מיד...

ווער ס׳האָט אויסגעקילט, ווער זיך אָפּגעבריט
און ווער ס׳איז סתם אַוועק אויף הפקרדיקן שליאַך...

און אַזוי־אָ וואַרגט מען זיך מיט גורל אָט דעם שווערן
און ס׳דריקט און דריקט אַן אומגעזעענע האַנט.
תמיד ווען מען גרייט די שאָף אַ נעם טאָן שערן
ציטערן די לעמער איבערן גאַנצן לאַנד...

פעברואַר 1939.

# מיינע היימען

מיינע היימען, וואָס האָבן מיך געבוירן
שטייען ווידער אונטער רוצחישן געוואַלט...
טאָג ווי נאַכט קלאַפּט דער פּחד דאָרטן אין די טויערן,
ביי יעדן בלאַט וואָס פאַלט.

מיינע היימען... וויי! מיין הפקרדיקע היים.
ביים ראַנד פון טיפן, פינצטערן תהום
איז אַ חרפּה מיר צו זוכן דאָ אַ ריים
וואָס ריימט זיך מיט פּאָגראָם...

איך ווייס:
אַ וועלט האָט לאַנג מיין שריי שוין זאַט,
און ווי ביי ביאַליקן
שיינט די זון און „דער שוחט שעכט".
ס'איז בלוטיק מיין געשיכטע.
בלוטיק בלאַט נאָך בלאַט,
און מיר אליין איז נמאס שוין
צו זיין געשעכט...

ווינטער, 1939.

# וואָס וועט ווערן...

אויסגערונען איז דער טאָג מיר,
ליגט דאָ שטיל די נאַכט דערוואָרגן.
וור־זשע, זאָג־מיר, נעמט מען כוח,
צו דערוואַרטן דאָ דעם מאָרגן?

ווי אַ חיה, אויף וועמענס לויער
יאַגד־הינט לאָזן זיך אַרויס —
לויטער אויג און לויטער אויער,
וואַלד אַריין און וואַלד אַרויס.

און קיין הילף איז נישט צו זען.
נישט קיין טרייסט-וואָרט איז צו הערן
עפּעס מוז דאָך דאָ געשען —
וואָס וועט ווערן? וואָס וועט ווערן?...

.1940

## נישט ערגער און נישט בעסער...

מיר שטאַמען נישט פון ריטער און נישט פון פּרינצן,
בלוט איז בלוט. סיי רויט, סיי בלוי.
אָן חכמות לעבן, אָן קונצן
און שטאַרבן אַזוי...

נישט קיין אריער זיינען מיר, נישט קיין רוימער,
קיין העלדן נישט, און נישט קיין פירער.
אַ פאָלק פון בעלי מלאכות און פון קרעמער
און פון מאַרטירער...

נישט ווייניקער, נישט מער, נישט ערגער און נישט בעסער.
מיר זיינען אַזוי ווי איר, סיי גוט, סיי שלעכט.
און עס איז נישט אמת, אַז דער וואָס האַלט דאָס מעסער
איז גערעכט...

.1940

# װער זײַנען מיר...

װי אָנמעכטיק זײַנען מיר און שװאַך
אַקעגן װײ, װאָס נעמט אונדז דאָ אַרום.
בלינד זײַנען מיר. טױב און שטום
סײַ שלאָפנדיק, סײַ װאַך.
הילפלאָז און קלײן
אַקעגן צער און פּײַן,
װאָס האַלט אונדז דאָ אין שאַך.
פֿול פּחד זײַנען מיר, פֿאַרלױרן און אַלײן.
אַ שפּיל־באַל צװישן אומזעבאַרע הענט.
װאָס מער געפֿאַרשט, זיך װײניקער דערקענט.
װאָס מער געזוכט, װײניקער געפֿונען.
אין נעץ פֿאַרשטריקט, אַ פֿליג צװישן שפּינען.
מיט זיך, און מענטש, אין אײביק געשלעג
פֿאַרפֿלאָנטערט אין די נעכט, פֿאַרבלאָנדזשעט אין די טעג.
װער זײַנען מיר? װו אַהין גײען מיר, און פֿונװאַנען?
געשלײדערט אױף כװאַליעס, פֿון יאוש און פֿון האָפֿן.
ממעמקים! רופֿן פֿילאָזאָפֿן.
און אַלע זײַנען מודה: מיר האָבן נישט פֿאַרשטאַנען.

— — — — — — — — —

און קײנער קען דאָ נישט קײן קלאָרן ענטפֿער געבן,
שטײען, קינדער מיר, אין טיפֿער שװערער נױט.
װאָס װײסן מיר פֿון זיך, פֿון אונדזער לעבן,
װאָס װײסן מיר פֿון טױט?

.1940

## חרוב שטייען מיינע היימען...

סאַראַ שטילקייט פאַר אַ שטורעם
וואָס דאַרף קומען, וואָס וועט קומען.
וועט נישט שוינען, נישט קיין קברים
און נישט קיין בלומען...

זע דעם פּחד אין די אויגן.
הער אַ פליסטערן פון רייד.
ווי איבער אַ גוסס־בעט געבויגן
פאַר דער צייט...

נישט קיין ליבע, נישט קיין שנאה,
נישט קיין צער און נישט קיין טרערן.
אַ קוואַל קען אויכעט אויסגערינען.
און טרוקן ווערן...

נישט קיין האַרץ און נישט קיין מוח,
נישט קיין וואָרט פון קראַפט און טרייסט.
עס ברעכט אַ ווילדער פרעמדער כוח.
און צערייסט...

.2

נישט קיין בענקשאַפט, נישט קיין ווייטיק,
נישט קיין טרויער, נישט קיין פרייד.
פעלדער שטייען שניטער־צייטיק —
קום און שנייד!

אָן אַ תכלית, אָן אַ זין,
אַ מעת־לעת נאָך אַ מעת־לעת.

נישט קיין דיין, נישט קיין דין
און נישט קיין נס ...

ס'אַראַ חשכות, ס'אַראַ אימה,
ס'אַראַ יאוש, מאַמע טרייע !
חרוב שטייען מיינע היימען,
סיי די אַלטע, סיי די נייע ...

.1940

# מיד פֿון וואָרט

מיד פון וואָרט, מיד פון געדאַנק
און נישט ביים קלאָרן זינען,
דער מענטש איז קראַנק, דער מענטש איז קראַנק
פון ליגנס און פון שנאה.

די לופט איז פול מיט פאַרסמטע רייד
פון רשעות און פון קנאה.
אַ שלאַנג אַ גיפטיקע שפריצט און שפייט
די גאַל די גרינע.

אַ כוליגאַן אַ ווילדער דראָט און שרייט
פון מדינה צו מדינה.
שטייט דער מענטש אין בלוט און לייד
פון אפריקע ביז כינע.

דער מוח דול און שווער דער קאָפּ,
ווילסטו רו געפינען.
ווער קלימפערט דאָ אין פוסטן טאָפּ
אסתיראָ בלגינא *)

1942.

*) אסתירא בלגינא, קיש קיש קריא — אַ קליינע מטבע אין אַ קרוג מאַכט אַ גרויסן גערויש.

## מיר וועלן טרינקען היינט

שטעלט אַהער. העי! שטעלט אַהער דעם שווערן גוטן ווייַן
און זאָל די יונגע מאַרגאָ היינט סערווירן.
פאַרמאַכט די לאָדן פעסט, פאַרשליסט מיר אַלע טירן.
העי, וועלן מיר זיך היינט פאַרגעסן — שיכור זיין...

גענוג! גענוג געגריבלט, וואָס גוט איז, און וואָס שלעכט איז.
גענוג שוין אייראָפּע, געטראָגן אויף געוויסן...
זאָלן ספקות אונדזערע, וואָס אומרעכט און וואָס רעכט איז
היינט ביים ווייַן דאָ, ווערן אויסגעריסן.

מיר וואַרפן דיין מאַראַל פאַר אַלטע פילאָזאָפן
פאַר דיינע פרומע לייט — אונדזערע ירמיה׳ס און ישיעה׳ס
פיל אָן די כוסות, חבר! און אַזוי־אָ אויסגעזאָפן.
ווי ס׳פּאַסט זיך פאַר הולטאַיעס.

דערלאַנגט אַהער, העי! נאָך דערלאַנגט דעם בלוטיק־רויטן ווייַן!
מעג כוליגאַן אייראָפּאַס סטראַשען אונדז מיט שחיטות.
מיר וועלן טרינקען היינט, און זינדיק שיכור זיין
און נישט קיין חילוק וויסן, וואָס ווייַן, און וואָס בלוט איז.

1941.

## אַ גוטע נאַכט

אַ גוטע נאַכט אייך אַלעמען אַ גוטע נאַכט.
מיט וויפל וואַרעמע פשטות ווינטשט אייך דאָס
אַ יונגער ברודער,
אַך!
ס׳אַראַ גרויסער חוב אַ מענטש צו זיין,
ס׳אַראַ שווערער גורל
תמיד אויף זיך טראָגן קאָפּ אַזאַ צעפלאַמטן
און הפקר־אויגן צוויי.
אַ גוטע נאַכט! אַ גוטע נאַכט!
און ס׳איז דאָס בלוט אין אונדז וואָס שרייט —
וועלט!
פאַר אַלץ, וואָס האָט געקענט זיין פרייד
און ס׳איז ווי ס׳לעבן איז.
פאַר אַלץ, וואָס האָט געקענט זיין פריי
פאַר אַלץ! פאַר אלץ!
וואָס האָט געקענט נאָר זיין
און ס׳איז
ווי ס׳איז,
ווי עס דאַרף נישט זיין!

.1941

# און לאָמיר זיין

מיט ערדישע זאַפטן איז דאָ אויסגעמישט מיין בלוט,
איך בין פאַרוואַקסן מיט יעדן בוים מיט יעדן שטיין.
עס איז גוט, וואָס עס בליט און וואַקסט, ס׳איז גוט
און ס׳שפּראָצט מיט העלע קראַפט פון יעדן מיין געביין.

אויף אַלע וועגן, זע, ליגט מיין האַרץ צעשיט.
איך וועל עס ליגן לאָזן און כ׳וועל ווייטער גיין,
און מיין טרויער צעקאָשען שוין ביים ערשטן שניט,
מיין ליד פאַרטרינקן היינט מיט נייעם וויין.

איז לאָמיר זיין! העי, לאָמיר זיין!
אַזוי ווי ווילדע וועלדער זענען.
אין זון, אין שטורעם, אין נעפּל און אין טוי.
פאַרוואָרצלט און פאַרפלאָכטן וואַקסן און דערקענען
און לעבן אַזוי.

# ס׳איז די צייט

סאיז די צייט פון באַוואָפנטע יונגען,
פון פויסטן אייזערנע, מאָרד און רויב!
פון שלעכטע אויגן, פאַלשע צונגען.
בלינדער כוח... הייל און לויב...

אַרום שטעכיק דראָט, אין לאַגערן, אין תפיסות,
מענטש און מיסט, הונגער און קרעץ.
שניידט דער טויט משונהדיק מיתות
און מוסרים זיינען היטער פון געזעץ...

מאַן און ווייב טאָרן זיך נישט קענען,
דער זון דעם פאָטער נישט אָנרופן ביים נאָמען,
אַלטע לייט הולטאַיען,
קינדער-וויגן ברענען
און אַ פייער
פרעסט דעם שייער,
די תבואה און דעם זאָמען.

אַנו, פאַרלעש מיט נאַפט אַ שרפה!
אַנו, פאַרהייל אַ וווּנד מיט זאַלץ!
ס׳איז די צייט פון ברוינער מגפה,
און פון חלף אויפן האַלדז.

.1941

## און ווער ס׳האָט אַן אויער...

אייראָפּע צעפֿאַל! סדום זינק אין שטויב!
אַרויס איז דער שונא, אויף מאָרד און אויף רויב.

און אַלט און יונג און ווייב און קינד,
הפקר ווי בלעטער אין האַרבסטיקן ווינט.

פּחד פֿאַל אָפּ, טרויער טרעט צוריק!
און נישט מער געציטערט איבער אייגענעם גליק.

און נישט מער פֿאַרבראָכן די הענט צו געבעט —
צעשטערט מיר די לענדער! מאַכט חרוב די שטעט!

אונטער חורבות פֿאַרשיטע, מיט מיסט און מיט ברוד,
זידט דאָרט און קאָכט און עס שרייט אונדזער בלוט.

און ווער ס׳האָט אַן אויער הערט רופֿן דיין נאָמען,
אָ, גאָט פֿון נקמה!

.1942

# מען איז דאָ...

ליד מיינס,
אַטעם איינציקער
אין שטיל זיך ראַנגלענדיקן לעבן,
רייס זיך פון אינגעווייַדן בלוטיקע,
פאָרם זיך פון אָפּגרונטן
און גיי אַרויס געלייטערט
איבערן וואַנדער פון וועלט.

ליד מיינס.
אפשר וועסטו ערגעץ אַ מענטש באַגעגענען.
נאָך אַ נאַכט פון ראַנגלען זיך מיט זיך אַליין:
איך וויל אויפשטיין אַן אַנדערער,

ליד מיינס,
האַרץ פון מיין האַרץ,
צינד אָן אין זייער פאַרלאָשן אויג
אַ קלאָרע רגע־טרייסט:
מען איז דאָ — — —
מען ווייסט — — — —

.1942

## ק י י נ ע ר  ו ו י י ס ט  נ י ש ט...

נו, וואָס ?
ווייסט שוין טאַקע קיינער נישט
וועלכעס יאָר, וועלכן חודש, וועלכן טאָג
מיר האָבן היינט ? — — —
האָט די צייט זיך אָפּגעשטעלט ?
איז די זון דאָ שטיין געבליבן ?
נו, וואָס־זשע שטייט מען,
פאַרוואָס גייט מען צוריק ?
קיינער ווייסט נישט ? קיינער ?

און זע :
אָן פאַרב שטייט דער פרילינג דאָ
אָן געשמאַק.
די זון, אַ שטיק צעבראָכן גלאָז
וויל פון הימל נישט אַראָפּ.
און ווו די קוקסט
און ווו דאָס שלעפעריקע אויג דערגרייכט
איז גאַנג,
באַוועגונג און גאַנג,
מיט הימל, מיט ים, און מיט ערד.
מען גייט און מען גייט.

.2

עס שפּאַנען דערפער דערשראָקענע,
עס שרייען ברענענדיקע שטעט
איינגעפּאַלענע לענדער לויפן
מיט הימל, מיט ים, און מיט ערד.
זיבעציק טאָנענדיקע טאַנקן

און אַ מאַמע מיט אַ קינד ביי דער ברוסט.
עס פלייצט און עס פלייצט
איבער מינירטע וועגן,
איבער פאַרלאָשענע אויגן...
נאָר די זון
ווילֹ פון הימל נישט אַראָפּ,
פונעם מערדערישן הימל...

צווישן אָבוויל און דיעפּ, מאַי 1940.

## ט ע ג...

ווי מינירטע בריקן הענגען דאָ די טעג,
יעדער טריט לויערט מיט סכנה.
אַ טאָג געוווּנען — געוווּנען אַ פאַרמעג
אַ יעדע פרייע שעה אַ געשאָנקענע מתנה.

נו איז וואָס, אַז עס גייט אַ מענטש דורך די טעג
אונטער לאַסט פון צער געבראָכן, געבויגן
און פרעגט נישט ביי קיינעם און קען נישט דעם וועג —
וווּ אַהין די אויגן טראָגן, אַז ווײַ צו די אויגן...

איז וואָס אַז עס רינט דאָ בלוט פון די טעג
און מען קאָן דאָ ביי קיינעם נישט בעטן, נישט מאָנען
און זען: די זון פאַרגייט אין אַ גרויס געשלעג,
ווי עס ברעכט אַריין די נאַכט אויף פלאַמענדיקע פאָנען...

און לויפן, און לויפן דורך טעג און דורך נעכט.
אָן פחד, אָן וואָפן, מיט נאַקעטן לעבן.
ווי איינער וואָס האָט נאָך לעצטן געפעכט
דעם שונא שוין אַלץ איבערגעבן...

דיעפּ, 19 מאַי 1940.

# אַ סאָלדאַט האָט געוויינט אין אבוויל...

הער דעם כאָר פון קאַנאָנען בײנאַכט,
און פון אוויאָנען דעם שניידיקן פייף אין דער לופט.
די פייערן זע פון מיינע ברענענדיקע שטעט
אונטערן האָגל פון מאַשין-ביקסן ליג איך דאָ
אין איין האַנט דעם טויט
אין דער צווייטער דאָס לעבן
ווי אויף באַלאַנסן צווײי פון אַ וואָג
ווער ווע‍מען וועט באַוועגן...

ביי די פייערן פון מיינע פלאַקערדיקע שטעט
ברענט מיין נשמה.
פאַרשמאַכט פון דורשט און פון נקמה
ליג איך דאָ אָן וואָפן.
און מיין ערשטע זאָרג, דאָס לעצטע האָפן
איז אַ מאַשין צו פאַרמאָגן
פון הונדערט שפייענדיקע קוילן אַ מינוט.
וואָלטן טייער באַצאָלט מיין בלוט
די פון אַקעגן איבער.
אָן וואָפן איז דער טויט מיר ליבער
און עס שרייט מיין ערד פון אַלע אירע גריבער
בלוטיקע —
און פון די טיפענישן, מיין נשמה
שרייט:
נקמה!

מאַי, 1940.

# איבער פראַנקרייכס שטעט

איבער פראַנקרייכס שטעט הענגט דער הונגער ווי אַ געוויטער.
אָט איז האַרבסט, דער ווינטערדיקער אַוואַנגאַרד.
ס׳איז שטיל אין די גאַסן, בלויז די אָרדענונגס־היטער
שנאַפּן די לופט פינצטער און האַרט.

אויף פראַנקרייכס מויערן פלאַקערן פלאַקאַטן,
מיט שרייאיקע פאַרבן פון געל און פון רויט,
מיט יוגנטלעכע נעמען, מיט צאָלן און דאַטן
געצייכנט פאָן, פאָן... און פאַרמשפט צום טויט.

שווייגן די הייזער, די סקווערן, די ראָגן,
די פאַסטערס, די זשאָרעס, אויף פלעצער אין קרייז
און שווייגנדיק שטייט מען אין טריבע פאַרטאָגן
פאַר געשלאָסענע קראָמען פון מילך און פון שפייז.

און אַזוי אין די שטעט פון די פירענעען ביז פוילן,
אין נייעם אייראָפּאַ, פון צפון ביז דרום,
אָן קליידער, אָן שיך, אָן קאַרטאָפל, אָן קוילן
הענגט אין דער לופט, רעוואָלט ווי אַ שטורעם.

.1944

# און ווידער א טאָג

און ווידער און ווידער אַ טאָג דורכגעשוואַרצט זיך,
אַ טאָג פון צער, פון יאוש, פון שנאה,
און אַ בלינדער אַזאַ, צום נאַכט־ברעג צוגעשאַרט זיך
אַ טרייסט צו זוכן און רו צו געפינען.

איז שטיל די נאַכט. דריקט שטילקייט און דריקט,
ווערט ענג, און ענגער מיר צווישן אייגענע ווענט...
ביז עס פּאַלט מיין קאָפּ, באַוווסטלאָז און דערשטיקט
ווי אין אַ פינצטערן תהום, אַריין אין מיינע הענט...

און מאָרגן, און מאָרגן ווידער און ווידער
האַלטן אַן אויג אויף דער וועלט און אַן אויער געשפּיצט
און זען דעם שונא און הערן זיינע לידער:
„ווען יידן־בלוט פון מעסער שפּריצט..."

.1940

## זינגט מיר נישט פֿון העלדישקייט

זינגט מיר נישט פון העלדישקייט, נישט פון מוט,
פון פאַלשן גלויבן, פון אויסגעוועפּטן האָפן.
מיר זינקען אין געשלעג דאָ ביז האַלדז אין בלוט —
געבונדן און אָן וואָפן.

מיטן וואָרצל רייסן אויס שונאס הענט
קאַלט און אויסגערעכנט אין זיין פאַרלענדונג בלינד.
שטיל און אָן גערויש, אַרום מערדערישע געטאָ-ווענט,
פאַלן מאַן און פרוי, די מוטער אויפן קינד.

נישט קיין טרערן, נישט קיין קראַנץ פון בלומען,
נישט קיין הספד ווילן מיר, גענוג די פוסטע רייד.
זאָל אין אייער ברוסט אַ פייער פון נקמה,
פלאַקערן און ברענען, ביז אין אייביקייט!

.1942

# גלייך מיר אליין

דער שונא ציילט דאָ אונדזער יעדן טריט,
אויף מויערן פון שטעט פּלאַקערט אונדזער נאָמען.
פאַר זיין שנאה־בנין זיינען מיר דער קיט
און פול מיט זינד, פון מאַרקס ביז אברהמען.

אָט זיינען מעכטיק מיר, אָט שוואַך און קליין...
פאַרשווענדעריש אַמאָל, אַמאָל גיריק און קאַרג.
אַהאָ? מיר זיינען דאָס, וואָס לוינט מיר זאָלן זיין
דעם שקר אויפן מאַרק...

אויף יאַרידן שיכורע זיי ווייזן אונדזער בילד,
דאָס ירמיהו־פנים אונדזערס צעקרומט פון וויי און צער.
און נישט געוואַשן זיינען מיר, הונגעריק און ווילד.
אָט דאָס איז ער, זעט, די וועלטישע געפאַר!

דער שונא היט דאָ אונדזער יעדן טריט
מיט אויגן שפּיציקע, אַ וואָלף אין צעשטורעמטע פאַרטאָגן
גלייך מיר אליין, מיר וואָלטן פאַר זיין שוואַרצן שניט
די אחריות דאָ די גאַנצע פון אַ וועלט געטראָגן...

1943.

# און אַז רוים

און אַז רוים וועט ווידער פאַלן אין אַש, אין ברוד,
און בערלין אונטער חורבות אין שטויב,
וואָס וועט ווערן ?
אויסגעניכטערט פון מאָרד און פון רויב
וועט איר אויסווישן פון אייערע אויגן דאָס בלוט
און דעם שווייס פון אייער שטערן.
און איר וועט אייערע אויגן נישט טרויען,
נישט גלויבן אייערע אייגענע אויערן,
אַז אַ מאַמע אונדזערע האָט ווידער דאָ אַמאָל
אַ נייעם מענטש אייך געבוירן . . .

1942.

# גיב מאמע מיר

גיב מאַמע מיר, גיב מיר ווידער
ווי אַמאָל דיין וואַרעמע האַנט.
אַ שווידער טרייסלט מיינע גלידער
ס'איז ווינטער, זע! אין פרעמדן לאַנד.

און אַהיים, אַהיים מיך פיר
צוריק אין אונדזער קליינער שטוב.
דערצייל פון חומש מעשיות מיר:
ווי יעקב האָט זיין רחל ליב.

און לאָז מיך ווידער, ווידער הערן
דיינע שטילע גוטע רייד,
שנירלעך פערל' דיינע טרערן,
דאָס געררויש פון זיידן קלייד.

און זיצן אויף דיין פיסן־בענקל,
מיין קאָפּ באַהאַלטן אין דיין שויס,
מיט לעצטן שטראַל אין ספרים-שענקל
לעשט דער גאָלדענער שבת אויס...

1943.

# צווישן וואָר און חלום

הער איך אין די נעכט
דאָס געשריי וואָס מיין פאָלק
שרייט צו גאָט.
ליג איך וואַך און הער
הנשמה לך, והגוף שלך.
חוסה על עמלך *)
איז מיר קלאָר
עס איז סליחותדיקע פאַרטאָגן.
איך שטיי ווידער ווי אַמאָל
מיטן טאַטן פאַרן עמוד.
אין שווערע הענגל־לייכטער בראָנזענע
פלאַמען ליכט... אַזוי פיל ליכט...
פון דרויסן לויכט אַריין אַ סאַמעטענער הימל
אויסגעשטיקט מיט שטערן,
מיט צונויפגעפרעסטע אויגן
פון טיפסטער טיפעניש,
הייס און פלאַקערדיק ברומט די עדה...
עס צינדן זיך און לעשן זיך די קולות...
און מאָנען, בעטן:
חוסה על עמלך...

.2

ווילן מיך פאַר אימה
די כוחות שוין פאַרלאָזן,
זוך איך האַסטיק מאַמעס טיכל,

---

*) פון סליחות: „די נשמה איז דייַן און דער גוף איז דייַן...
דערבאַרעם זיך איבער דיין ווערק".

צו דערקענען —
מאַמעס פּנים.
אַט רוען שוין אויף מיר,
אירע בלאָע גוטע אויגן,
ווו מיט גלאַנץ פון איידל־שטיינער
פינקלען טרערן — — —
נו, בין איך ווידער שטאַרק,
פול מיט כוח און פול מיט גלויבן,
ווען איך הער אין די נעכט
דאָס געשריי פון מיין פאָלק,
אַ געשריי צו גאָט...

הארבסט, 1943.

# און זונטיק

פיר קינדער זיינען דאָ אין דאָרף,
קינדער פון צעבראָכענע פיר יידישע מאַמעס.
כאָטש נעם און פאַר די הינט זיי וואַרף
נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר זיי, קיין דלת־אַמות...

פון פריען מאָרגן ביז אין אָוונט שפּעט
הויזירן גייט מיט אייער לעבעדיקער גויט.
ביי איינעם איז דאָס חזיר נאָך נישט פעט,
ביים צווייטן איז מען קנאַפּ אין ברויט.

אַ דריטער, און אַ פערטער, און ענטפערס פאַלן, שטעכן
ווי אָנגעגליטע שפּיזן, ווי האַמערס איבערן קאָפּ.
אַ יידיש קינד באַהאַלטן ? אָ גאָט ! סאַראַ פאַרברעכן.
ווישי וואָס וועט זאָגן ? געשטאַפּאָ ? ניי־אייראָפּע ?...

קינדער פיר. אַרום זאַטע פאַרמס און הייף
מיט געפליגל, און מיט פי, מיט ווייצן, און מיט ווייַן.
כאָטש נעם און פאַרוואַרף אויף העלדזלעך זיי אַ שלייף.
פאַר קינדער אונדזערע איז די וועלט צו קליין...

און זונטיק אונטערן גלאָקן־קלאַנג צום קלויסטער ציט
די פני פון דאָרף, די גלויביקע, די פרומע
און קניען שטיל און בעטן צו דעם ייד,
דער וואָס האָט געהייסן קינדער צו זיך קומען...

.1943

# שטיי איך טונקל איצט אזוי

איך האָב פיל געהאַרכט אין דער וועלט.
נאָוועמבער-רעגן פרעמד
פון וויינענדיקע דעכער,
און יונג געזאַנג,
און בלומען-גערטנער מאַיאיקע.
קינדער! קינדער!
פאַר דורשט און הונגער שרייענדיקע.
און גליק באַזאָפּענע פון טויזנט בעכער.
איך האָב פיל געהאַרכט אין דער וועלט.
וואָס האָב איך אויסגעהערט?
וואָס אויסגעהיט?
שטיי איך טונקל איצט אַזוי
און מיד,
אין זיך געקערט.
נאָך אַ ליד, נאָך אַ ליד
וואָס האָט דאָס פאַר אַ ווערט?

.1943

# און דאָס איז גאָט דיין בילד?

איצט זעען מיר דאָך, אַז ס׳איז דאָס לעבן נישט קיין פרידלעכער שפּאַציר
און ווי אַ פּעסטונג יעדער טאָג אין שטורעם מוז זיין גענומען.
אויג און אויער, צום שפּרינגען גרייט, אַ וואָלף אויף אַלע פיר.
אויער און אויג, מיטן מעסער אין דער האַנט, לויערן און שטומען...

און ווייַ איז דעם, וואָס ווערט דאָ אין געשלעג אַ קאָפּ דערהויבן
צו זען ווי בלוי אַ הימל איז, ווי הערלעך פעלדער גרינען,
און ווערן שוואַך, וואַכנדיק אַזוי חלומען, און גלויבן.
ווייַ איז דעם, וואָס ווערט דאָ אין געשלעג, אַ רגע זיך באַזינען...

איצט זעען מיר דאָך... און ווייַ די אויגן, וואָס קוקן דאָס און זעען.
מענטש אין בלוט, אין אַש פון שטעט, פאַר צער און צאָרן ווילד.
אָ העלדן פאַלשע! פאַלשער שטאָלץ! וואָס איז דאָ געשען:
זאָל דאָס זיין דער מענטש? און דאָס איז גאָט דיין בילד?

.1943

## איך שליס די אויגן צו

איך שליס די אויגן צו, איך האַלט מיין האַרץ פאַרמאַכט
דיין שיינקייט נישט צו זען, דיין וווּנדערלעכן טראַכט,
פירענעאישער זומער פאַרנאַכט,
דאָס גאָלד פון דיינע האָר, דעם קעניגלעכן בלאָ,
דעם גרינעם סאַמעט.
און טונקל שטיי איך דאָ
און נישט דערפלאַמט.
בין איך טרויעריק? האָב איך צער?
ניין! נישט דער וויין,
דאָס האָט דער רשע און דער נאַר
מיין בלוט פאַרסמט.

די טאָלן זיינען ווייך און פריש,
פאַרליבט דעם פאַסטעכס שאַלאַמיי,
אַ לעצטער קלאַנג, אַ ווייט געשריי
און ס'שטאַרבט דער טאָג דאָ, פון אַ קוש...

איך שליס די אויגן צו, דיך נישט צו זען אַזוי
אין דינעם פאַרבן קלייד, דאָ טאַנצנדיק אין טוי.
בין איך בלינד?
צי וויינט אין מיר דער וויין?
ניין!
דאָס קומט דער שונא מיט דער נאַכט צו גיין...

1943.

# סתם אזוי זיך

עך! און איינמאָל ווידער מעגן
פריי ארויסגיין אין דער זון —
נישט קיין שונא אויף די וועגן,
נישט קיין נעץ און נישט קיין שפּין.

סתם אַזוי זיך, הענט אין טאַשן,
גלאַט ראַזירט, פריש פאַרקעמט.
פון קאָפּ ביז פיס אַרומגעוואַשן,
אין אַ ריינעם ווייסן העמד.

גיין און זען, זען און שווייגן.
פריי פון פחד, פריי פון האַס.
וויסן ס׳איז דער טאָג מיין אייגן,
אַ מענטש גייט רואיק דורך אַ גאַס.

אָט, אַ פעלד־וועג — ווייץ, מאַאיס
אַ לאָנקע,היי, אַ בערגל ווין.
זאָל זיין געבענטשט, וואָס לעבט און פריי איז.
די גוטע ערד, געבענטשט זאָל זיין.

און שטילע, פרידלעכע פאַרנאַכטן
מיט מיין קינד, און מיט מיין פרוי
גיין און גיין, און גאָרנישט טראַכטן
סתם אַזוי זיך, סתם אַזוי.

אָלאָראַן, פרילינג 1943.

# מענטש זיין

נעם מיך אויף ווי אַ שטערן אין דיינע הייכן,
איבער אָפּגרונטן כ׳וויל הענגען און שווייגן.
ווי אַ בוים, ווי אַ בוים לאָז מיך שטיין
ביים ראַנד פון אַ זייטיקן וועג,
וואָס פירט אין ערגעץ נישט.

מיט ערדישע געוויקסן מיש מיך אויס
אַ שטיק פון רויען וועלטישן באַשטאַנד
מאַך מיך ווידער.

מענטש זיין
איז מיר פרעמד געוואָרן!
פרעמד געוואָרן!
פרעמד געוואָרן!

פיר מיך צוריק
פונוואַנען כ׳בין געקומען
איך וויל אַהיים,
אהיים — — — —

ווינטער, 1940.

# פֿעלזן־פֿעסט שטייען מיר

מעגסט פינצטער זיין וועלט, מעגסט שפּאַלטן
אונדזערע קלאָרסטע מוחות מיט האַק און שווערד.
פעלדזן־פעסט שטייען מיר און מיר האַלטן
אויף אונדזער האַרטן נאַקן די גאַנצע ערד.

מעגסט פינצטער זיין וועלט. נאָר אינעם טונקל
דערלאַנגען זיך ברידער צו ברידער די הענט.
אומעטום זיינען מיר, און אין יעדן ווינקל
האָבן מיר פייערן פון באַפרייאונג צעברענט.

מעג בושעווען איבער אונדז דיין היסטערישער צאָרן
אונדזער ערלעך פנים באַשפיי און פאַרמיאוס עס.
און דאָך וואַקסן מיר. מיר זיינען גרויס געוואָרן
אין גערויש פון פאַבריקן, אין שטילקייט פון תפיסות.

פעלש און פאַרקרום אונדזער קלאָרן געדאַנק.
אַ קוואַל וואָס לעבט פאַרשטאָפּ און פאַרסם־אים.
צי קען מען פאַרהאַלטן די זון אין איר גאַנג?
די טייכן פאַרשטעלן, זייער לויף צו די ימים?

.1944

# אזוי זע איך אייך

גלייך מען האָט מיר העגט און פיס געבונדן
און מיט שאַרפן געהער מיך געלייגט
הינטער דער גלאָז־וואַנט פון אייער לייד

גלייך מען האָט ביי מיר דאָס לשון אָפּגענומען
און ביים העלן טאָג איבער אָפּגרונטן מיך געפירט —
אַזוי זע איך אייך
פאַרשווינדן אין די נעכט בלינד דעם מאָרגן אַקעגן.

אַזוי זע איך אייך:
טונעל־איין, טונעל־אויס
פאַלן אויף דער שווערד
פון מיין און דיין.

און האָט מיך די צייט צום שטיין געפּאָרמט
עפּעס איז מיר דאָך פאַרבליבן.
פלאָנטער איך זיך אין אייער מיט
אַמאָל אונטער, אַמאָל איבער אייער גליק
מיט אָפענע אומפאַרוויסטלעכע אויגן.

# איך בין אהיימגעגאנגען זען

איך בין אהיימגעגאַנגען זען
וואָס מאַכן די שוואַלבן אונטער אונדזער דאך,
ווי לעבט זיך דעם איילבירט אונטער אונדזער פענצטער.
נאָר ביי אונדז אין דער היים איז קיינער נישטאָ.
לער שטייען נעסטן,
עס ווערט נישט געבויט,
בלומען אין וואַזעס
דאַרן און דאַרן
ביי אונדז אין דער היים איז קיינער נישטאָ.
טאָ וואַהין איז די שוועסטער געגאַנגען,
די יונגסטע פון אַלע?
וואַהין זיינען שוואַלבן פאַרפלויגן?
ס'איז דאָך זומער אין לאַנד!
איך בין אהיימגעגאַנגען זען
וואָס מאַכן די שוואַלבן,
די שוועסטער, די בלומען.
ביי אונדז אין דער היים
איז קיינער נישטאָ...

# איך האָב געזאָגט...

לער שטייט מיין היים
קיינער וווינט נישט אין איר.
ווינטער,
פאַלן שנייען אין די אויפגעבראָכענע ריסן.
זומער,
נעסטן קלאָג־פייגל
אונטער אויסגעהאַקטע טירן.
איך האָב געזאָגט:
איך וועל מיר אַ גאָרטן פלאַנצן,
פיקן זיי מיר די זריעה אויס,
פרעסן די וואָרצלען...
קיינער וווינט נישט אין איר,
קיינער וויינט נישט אין איר,
אויפן שוועל פון מיין וויסטער היים.
זיצן שוואַלבן שבעה.

## מיין שטעטל

חרוב ליגט מיין שטעטל אונטער מיסט און שימל,
צעבראָכן און פאַרוויסט ביז די פונדאַמענטן.
ברודיק און צעריסן, אַ שמאַטע נישט קיין הימל
וּוייקט דאָרט איבער חורבות, אין שטעטל מיין פאַרברענטן.

נישט קיין פרילינג גרינט דאָרט, ס׳בליט דאָרט נישט קיין זומער.
עס וויינט אַ האַרבסט און וויינט, און קען זיך גאָרנישט שטילן,
אַ ווינטער קומט צו גיין אַ בייזער און אַ שטומער
און שפּאַנט אַוועק אַזוי, צו אומבאַקאַנטע צילן...

און שאַ און שטיל! ס׳איז דאָ גאָרנישט נישט צו זען
און צו הערן וואָס, איז אויכעט נישט פאַראַנען.
גלייך ס׳וואָלט קיינמאָל דאָ קיין מאַמע נישט געווען
און קיין קינדער־וויג דאָ קיינמאָל נישט געשטאַנען.

.1945

# אַ יידישע כאַטע מיט אַ גאָלדענעם דאַך

מיר חלומט זיך אַלץ נאָך די ווייסינקע כאַטע,
מיט נעסט פון באָטשאַנעס אויף שטרויענעם דאַך.
אַ יונגע די מאַמע, פון וועג קומט דער טאַטע
אויף פוילישע וועגן, אַ ייד קומט פון תנ״ך...

פאַרנאַכט גליען וועלדער צעשמאָלצן אין שקיעה.
צעיאָגן זיך שוואַלבן, פאַרשיכורט פון פרייד.
אַ ביק איז מכבד דאָס דאָרף מיט אַ תקיעה,
אויפן פייפיאָל אַ פאַסטעך אין טרערן פאַרגייט.

צעפינקלען זיך שטערן, און פויערישע פייקעס,
צעוואָיען זיך הינט, און הענער-געקריי.
אויף שוועלן, אויף קלעצער דערציילט מען זיך בייקעס
פאַרגנבעט זיך זאָשע צו סטאַכן אין היי.

אָ, פוילישע וועגן מיט צלמים, מיט גלות,
און מיך האָט אַ שטורעם פאַרשיט אויף דיין פלאַך.
פון ישוב צו ישוב געשטאַנען אַמאָל איז
אַ יידישע כאַטע מיט אַ גאָלדענעם דאַך.

1946.

# איך ווייס נישט...

איך ווייס נישט וואַהין און נישט פונוואַנען
עס קומען דאָ און גייען מיינע טעג.
אַ בלינדער שטיי איך דאָ, און קען זיך נישט דערמאָנען,
זאָל דאָס זיין דער רעכטער וועג?

און זע: דעם אָנהויב קען איך נישט,
נישט דער סוף איז מיר באַקאַנט.
אַזוי ווי אין חלום אויסגעמישט,
בילדער פון אַ פרעמדן לאַנד.

און אַלץ, וואָס כ׳זע און אַלץ וואָס כ׳הער
איז ווי איינער זעט פון זייער ווייט,
ווי איינער הערט דאָ זייער שווער
און שטייט ווי אויסערהאַלב דער צייט...

און אַרום, אַרום און גאַנץ דאַנעבן
שטאַרבן מיינע שטילע טעג...
זאָל דאָס זיין מיין אייגן לעבן?
זאָל דאָס זיין דער רעכטער וועג?

# נ י ש ט  ד ו  א ל י י ן

פון אַ שטעטלדיקן יזכור־בוך

דער טאַטע שטייט אינמיטן פעלד,
ס׳איז ערב ראש ־ השנה.
נישט ער אליין — די גאַנצע וועלט
דאָ שטייט אין אַ סכנה...

די געגנט ברענט, עס ברענט דער וואַלד.
און אונטער פיס — די ערד.
דער הימל ברעכט זיך איין און פאַלט,
אין בלוט געטונקט אַ שווערד...

דאָס האָט מען ערגעץ האַלט געמאַכט
צווישן קברים און מצבות
איצט וואַרט מען עס זאָל ווערן נאַכט
אָן שטערן און אָן עדות...

אַנו, מאָל אַ פּנים פון אַ ייד
אַרום „עס-עס" און הינט.
און פון די טרערן מאַך אַ ליד,
ווען ס׳וויינט נאָך ברויט אַ קינד,

און שאַ און שטיל, אין טויטן פעלד
אויפן אַלטן וועג קיין טאָאָנע. *)
נישט דו אַליין — די גאַנצע וועלט
ליגט דאָ אין אַ סכנה.

יוני, 1965.

---

*) טאָאָנע — טאַרנאָוו.

# און טרערן איז געווען

און טרערן איז געווען, און בלוט, און לייד.
אין יאָר דריי און פערציק, אין חודש שבט
האָט פון וואָלקנס פינצטערע אַ בליץ-געטאָן אַ פרייד,
אַ בשורה אויסגעדונערט, אַ האַרמאַט —
סטאַלינגראַד!

גלייך ווי ס׳וואָלט אַ ריזן־האַנט דאָ איבערנאַכט צעדרייט
דעם חשבון פונעם שונא: תפיסות און פאַראַט,
און אָנגעשריבן קורץ און צו דער צייט
— אַ ניי געשיכטע־בלאַט
סטאַלינגראַד!

האָט אַ פלייץ געטאָן מיט האַפן און ווידער דאָ געגעבן אַ פאַרגיס,
אייראָפּעס טויטן־הייזער, אונדזער נע־ונד.
נישט קיין וואַרשע וואָלטן מיר, נישט פּאַריז,
קיין ירושלים נישט געהאַט —
סטאַלינגראַד!

געווען אַ שווער געבורט אַזאַ, אין בלוט, אין שניי.
אייראָפּע, אַ דערשלאָגענע, מאַרד־ און נאַצי־זאַט.
האָבן הונדערטער מיליאָנען, און מיר מיט זיי,
אויף אייביק אויסגעווײלט אַ צד —
סטאַלינגראַד!

.1945

# זאָל דאָ זיין מיין ליד

ווי קען איך אַנדערש זיין, ווי דאָס וואָס איך בין?
אַ ראַדאַר אין די נעכט, די ערד אַרומגענומען.
אין אַלע ווינקלען פינצטערע זיצט און שפּינט די שפּין
אַ היראָשימאַ־נעץ פאַר קינדער און פאַר בלומען.

און הערן הער איך אַלץ מיין טאַטנס ווידוי־קול
פון טויטע שטעט פאַרפּייניקטע. געררופן ווען ער האָט
צווישן סאַן און ווייסל, אין פוילנס יאָמער־טאָל
אַ לעצטן מאָל דעם נאָמען פון זיין אַלטן גאָט.

און טרינקען ביזן דנאָ פון גאַל דעם גרינעם זאַפט,
פון שוועסטערס קינדער דורשטיקע אין פאַרחתמעטע וואַגאָנען.
אָ! שעם זיך נישט מיט טרערן, טרערן זיינען קראַפט
און קינדער, אויגן מיינע, בעטלען נישט, נאָר מאָנען.

ווי קען איך אַנדערש זיין אין אונדזער דור — אַ ייד...
אַ שלום־האַנט געשטרעקט — פאַר ברודער־מענטש אַ טרייסט.
שווייגן הייסט פאַרשווייגן... זאָל דאָ זיין מיין ליד
אַ צייכן, און אַ וואָרענונג — מען איז דאָ! מען ווייסט.

.1963

# מיר האָבן גענוג דיין גרויסקייט

מיר האָבן גענוג דיין גרויסקייט, גאָט!
דיין הייליקן צאָרן, דיין מעכטיקע האַנט.
חרוב שטייט און הונגעריק דאָס לאַנד.
מיר האָבן גענוג דיין גרויסקייט, גאָט!

פרידן דאַרפן מיר. און ברויט. און זאַלץ.
די פעלדער ווילן רעגן, אַ פּאָטער דאַרף דאָס קינד.
מיר זיינען זאַט פון מוסר און פון זינד.
פרידן דאַרפן מיר, און ברויט, און זאַלץ.

מיר ווילן נישט דיין ליבע, און נישט דיין שטראָף,
דעם נביאס קללה נישט און נישט זיין שבח.
אַ ביסל רו. אַ ברויט. אַ דאַך.
נישט דיין ליבע ווילן מיר, נישט דיין שטראָף.

דאָס אויסדערוויילטע פאָלק? מוחל דיר דעם כבוד.
דער זויער־טייג גענוג אין מולטער פון דער וועלט.
אַ וואַסער־קוואַל. שאָף אַ פּאָר. אַ שטיקל פעלד.
און זאָלן אַנדערע געבערן דאָ משיח בן דוד!

1946.

## פ ר יי נ ט

עס זיינען אָפּגעפאַלן פון אונדז די פוסטע רייד,
ווי ס׳פאַלט די שאָל אָפּ פונעם קערן.
אַזוי וואַקסן מיר ארײַן דאָ אין דער צייט
און צייטיקן און ווערן.

און הערן לערנען מיר און זען,
זיך שווייגנדיק דערקענען
ווער מיר זיינען אַמאָל געווען
און ווער מיר זענען.

מיר וועגן געניי און מיר מעסטן
מיט אַ פינקטלעכער ערלעכער וואָג
אַלע אונדזערע זשעסטן
און יעדע רגע פון טאָג.

לערנט מען דאָ שווייגן און וואַרטן
די דינים פון יאָ און פון ניין
און פון שקר, פון אָפּגענאַרטן
פון מיין און פון דיין...

עס זיינען אָפּגעפאַלן פון אונדז די פוסטע רייד
ווי ס׳פאַלט די שאָל אָפּ פונעם קערן.
אַזוי וואַקסן מיר ארײַן דאָ אין דער צייט
און צייטיקן און ווערן.

.1960

# ס'איז יום-טוב היינט ביי אונדז

(געווידמעט דער „נייע פרעסע"
צו אירע דריי־און־צוואַנציק יאָר).

דריי־און־צוואַנציק יאָר, פאַרעקשנט, טאָג־נאָך־טאָג
דאָס ווילד־גראָז אויסגעריסן, פון שטיין דאָס פעלד גערייניקט;
ציגל צו אַ ציגל, געבויט שטאָק צו שטאָק
און ווו אַ ריס געוואָרן, פאַרבינדן און פאַראייניקט.

אַליין דאָס ליים געקנאָטן, דער לערניונג און דער מייסטער;
אין דער פויסט דער זעלבער — דער האַמער און די פען.
אין היטלער־נעכט די בלוטיקע דער וועקער און דער טרייסטער
אַזאַ איז אונדזער בנין ביי די ברעגעס פון דער סען.

איז יום־טוב היינט ביי אונדז, איך בין געקומען.
נו, שטייען מיר צוזאַמען — גרייט אויף אַלעם גרייט.
נאָר זאָל די צונג מיר ווערן צוגעקלעפּט צום גומען,
אויב אונדזער בראָך פאַרגעסן איך וועל אין טאָג פון פרייד.

ליל, 1956.

# וועט איר ווידער

ווײ וועט זײן צו אײַך, אויב איר וועט די הענט פֿאַרלײגן
און דאַנקען גאָט, וואָס האָט דאָס לעבן אײַך געשענקט.
און באַגראָבן אײערע טויטע, און ווײַטער נישט געדענקט —
ווײ וועט זײן צו אײַך, בײם אויפֿשטײן און בײם לײגן.

ווען אויסגעטריקנט וועלן ווערן בלוט און טרערן,
שטײנערנע מצבֿות וועט די צײַט פֿאַרמעקן —
וועט איר ווידער לעבן, נישט זען און נישט הערן
און די טויטע אײערע וועט די ערד פֿאַרדעקן.

און ווײ, אַז איר וועט ווידער זיך פֿאַרטרויען
אין לידער יאָמערדיקע, אין פֿאַלשן קלאַנג פֿון געלט,
זיך קריגן צווישן זיך, ווען אַנדערע וועלן בויען
די מאָרגנס זינגדיקע אין אַ פֿרײַער וועלט.

וועט פֿוילן אײער שניט אין פֿרעמדע שײַערן
אין פּעסער קויטיקע וועט זויערן אײער ווײַן.
און פֿירן וועט איר אַרום פֿרעמדע פֿײַערן
און הונגעריק בײַ פֿרעמדע טישן זײַן.

עס וועלן קינדער אײערע נישט וועלן אײַך דערקענען.
און נישט פֿאַרשטײן מער אײער מוטערלעכע שפּראַך.
אַ נישט־געשטילטע בענקשאַפֿט וועט אײער אינגעווייד פֿאַרברענען
און אַ שטורעם וועט פֿאַרשיטן די טריט און אײער שליאַך.

# שאַפּן און גלויבן

שאַפן און גלויבן, גלויבן און שאַפן —
זאָלן דאָ קיינעמס הענט נישט פאַרשלאַפן.
ווידער און ווידער דעם לעבן פאַרטרויען:
מיר בויען און גראָבן, מיר גראָבן און בויען!
פאַרקאַשערט די אַרבל, און פלייסיק און מונטער —
שטייט ווער נישט פעסט, וועט ער פאַלן אַרונטער.

ענגער און ענגער, אָרעם אין אָרעם —
פאָרויס איבער חורבות, פאָרויס איבער קברים;
מעג קראַכן, מעג רייסן, מיר בויען אין שטורעם;
שוין זיכערע פירן די טרעפּ צו דעם טורעם.
מאַכט ריסן דער שונא אין אונדזערע רייען —
געשלאָסן די בלויזן! מיר גייען, מיר גייען —
מיט העק און מיט לאָמען, מיט שטאַלענעם ווילן,
האַרט איז דער וועג דאָ צו אונדזערע צילן.

פאַרקראַמפּט און פאַרוואַקסן אינאײנעם, צוזאַמען,
ווי וואָרצלען פאַרפלאָכטן פון ריזיקע שטאַמען.
אַזוי אָ, אין גאַנג פון מאַשינען און פליגל,
מיר לייגן אויף וועלט אונדזער אייגענעם זיגל.
און אַלץ וואָס איז פינצטער מוז ברעכן, מוז פאַלן.
מיר בויען, מיר גראָבן דאָ ליטערע קוואַלן.

.1945

# וואָס טראַכט דער באַרג

וואָס טראַכט דער באַרג דעם קאָפּ אין די הימלען פּאַריסן,
וואָס קנייטשט ער זיין נאַקעטן צעאַקערטן שטערן?
די צייט האָט טיף און שטאַרק אין אים זיך איינגעביסן
און מאָלט מיט ריזן־ציין זיין גוף דעם שווערן.

און איך ביים באַרג דאָ, אַ ווערמל נישט מיין
געדאַנק און האַרץ מיין איינציקער כלי־זין
דור־אויס, דור־איין. און דער גרויסער מילן־שטיין
מאָלט און מאָלט, און קען מיך נישט צעקייען.

## דער אַרבעטלאָזער

דער אַרבעטלאָזער, וואָס פאַרטונקלט דאָ די גאַס,
טראָגט אַ פאָר שטילע, טויטע הענט,
באַגראָבן טיף אין טאַשן.
ער איז גרוי ווי זיינע ווענט,
האַרט און נישט אַרומגעוואַשן.
נאָר עפּעס רייכערט זיך און ברענט
אין זיין בליק דעם ראַשן.
און פלוצלונג, ווי פאַרבלענדט
אין אַ פענצטער אַ צעשפיגלטן
האָט ער זיך דערקענט:
פיבער־אויגן צוויי, מויל צעקרומטס...
איז דאָס ער?
אַ שאָטן פון מיין נויט — — —
און שליסט די אויגן שווער;
חברים, קומממטס!
און זעט די וועלט איז רויט — — —

.1929

## סטאַך און מאַרי

אַ קאַלטער אומעט וווינט אין זייערע שטיבער,
ס׳בעט צעוואָרפענע ליגט אויסגעקילט פון לוסט.
אין סטאַכס אויגן פלעמלט נאָך דער פיבער
פון נאַכט פאַרגראָבענע אויף מאַריס הייסער ברוסט.

אין מויל די פינגערלעך, ליגט שטיל אַ קינד אין וויג,
אינדרויסן אויף דער קייט וויינט הונגעריק דער הונט.
פון טיר צו פענצטער זשומט אַ דאַרע פליג
און פאַלט מיט רוגזה אָן אויף נעזעלע פון קינד.

לעקט דער ווינט דעם דאַך מיט נאַסע צונגען,
חלומט סטאַכן ס׳דאָרף, דאָס הייזעלע פון ליים.
און מארי זיינע, שטאָלץ, צו להכעיס אַלע יונגען
פירט ער זי פון פעלד, רייטנדיק אַהיים.

שפייט מיט חוצפה רעגן אין די פענצטער,
חלומט מאַרין ס׳וואַלד. צום ווערדל פירט אַ שליאַך.
צעיאָגט זיך ווילד אויף פערד דער פלינקסטער און דער שענסטער
פון אַלע יאטן איינער, דער חתן אירער סטאַך.

אַ שטילער אומעט וויינט אין זייערע שטיבער,
אינדרויסן ליגט אַ נאַכט אָן שטערן און אָן טוי.
סטאַכס און מאַריס אויגן ווערן פייכטער, טריבער —
אַ רחמנות מיר דער הונט. האָרך! ער בענקט אַזוי.

.1931

# ד ו ד אַ !

אין דודאַ ? אָהאָ דער ליבער גוטער דוד
פֿאַר זיין טיר אין דרייען שטייט געבויגן.
זיינע פיר־און־פופציק יאָר זיינען מער נישט גוט !
דאָס האָט די אַרבעט אים, די שוואַרצע, אויסגעזויגן.

אויסגעקרומט, און אויסגענאָגט, און אויסגעשפּיגן.
— וואָס בין איך איצט ? אַ בינטל דאַרע קנאָכן,
וואָס וועט אַ ליאַדע טאָג דאָ בלייבן ליגן.
פֿאַר וועמען, ברודער, אַלט געוואָרן און צעבראָכן ?

פערציק יאָר, טאָג פֿאַר טאָג, אין שטויביק־טונקלע לעכער.
און עס טורעמען זיך אויף ד׳ערד די שווערע קוילן טאָנען.
אויף דיינע פּלייצעס, דוד, העכער אַלץ און העכער.
און רייך, און רייכער אַלץ ווערן די באַראָנען.

און דודאַ ? אָהאָ דער ליבער, גוטער דוד !

.1934

# ש וו ע ר...

איך בין דיר מיד פון אַט דיין קלוגן לעבן.
און פון „פרייער וועלט" וואָס כ'האָב געבויט דיר.
האַרט פאַרדין איך אויפן ברויט מיר,
שווער:
איך ווייס נישט מער.

וואָס מיר בעטהאָווען, רעמבראַנדט, געטע
איינשטיין — וואָס? ווער איז פרויד מיר?
האַרט פאַרדין איך אויפן ברויט מיר,
שווער:
איך האָב נישט מער.

איז פויסטן זיך געפאַרעמט פון בענקנדיקע הענט.
און אַזוי דאָס האַרץ געפּלעט, וואָס האָסט פאַרטרויט מיר.
עך! האַרט פאַרדין איך אויפן ברויט מיר.
שווער:
פרעג נישט מער!

.1929

## עס האָט א פֿלײץ געטאָן די פֿרײד...

עס האָט אַ פלייץ געטאָן די פרייד אין שוואַרצן לאַנד
בייזע פנימער געוואָרן זיינען איידעלער, בעסער...
ווי איבער נאַכט דאָ, האָט אַ קינסטלער־האַנט
דאָס בייז אַרויסגעשניטן מיט אַ װוּנדער־מעסער...

עס האָט אַ זינג געטאָן די רו, די שווער־פאַרדינטע רו.
געוואָרן זיינען שטובן העלער, רייכער
און ליב די אַרבעטס־וואָך, די וואָך פון פערציק שעה,
צווישן מאַן און פרוי האַרציקער די רייד און ווייכער...

שטייט אַ מאָנטיק דאָ באַשיידן און באַדאַכט,
אַ גליקלעכער, אַ זאַטער, און אָטעמט מיט גבורה.
נישט עפּעס סתם אַ מאָנטיק — אַן אויסגעקעמפטע שלאַכט...
גרייט צו געבן קלעפּ, גרייט צו זינגען שירה...

און כאָטש ס׳האָט מאַרקסן דאָ קיינער נישט געלייענט
און גרינגער איז דער האַמער ווי די לייכטסטע פעדער,
נאָר ווער דער שונא איז און ווער דער פריינט
ווייסט שוין דאָ אַ יעדער, ווייסט שוין דאָ אַ יעדער.

1936.

## צווישן יונג און שטאַרק...

מען שטאַרבט אַ סך און שטיל אין שוואַרצן לאַנד,
צו פערציק יאָר איז מען שוין אַ זיידע און א זקן.
פון טאָג צו טאָג ווערט שווערער דער האַמער־פּיק אין האַנט,
קוקן אויגן אויף אַ וועלט פיבערדיק דערשראָקן

אין שיכטן לויפן דאָ צעשניטענע מעת-לעתן.
אַ ברויט געטיילט אין דריי, אין גלייכע טיילן.
שפּאַנט אַ מענטש, פון אייגענע און פון דער צייט פאַרגעסן,
דורך לאַבירינטן פינצטערע, דורך קאָשמאַרפולע הײלן.

און ווי אַ וואַסער־פאַל ברעש דאָס לעבן שאַלט
און פאַרפלייצט די קאַראַנס, די הייפלעך און די סיטן.
צווישן יונג און שטאַרק, צווישן שוואַך און אַלט
אַ שטרענגער שופט... שפּאַנט דער טויט אינמיטן.

מען שטאַרבט א סך, און שטיל אין שוואַרצן לאַנד...

# פּ ע ל י ט ש י נ ע

אין אָפּגענוצטן מענטעלע, צוויי פּאַסטעך־אויגן גרינע
אַרום צעטומלטע פרעמד־לענדישע וואָקזאַלן
אָן אַדרעס — אַ בריוו, פון מדינה צו מדינה...
אָ, פעליטשינע!
כ׳וואָלט פאַר דיר, אויף די קני געפאַלן.

ביסט נאָך יונג און שיין
(כאָטש צוויי מאָל עלטער זעסטו אויס
ווי דיינע הונגער־יאָרן).
און ס׳איז דער גורל דיינער —
מיינער,
מיין!
און דו אַליין,
ביסט אַ טייל פון מיר געוואָרן.

כ׳ווייס נישט מיידל, ווו דיין היים איז
נאָר אויף פנים דיינעם, ווי אויף פּאַרמעט שטייט געשריבן
אויף דער פּאַשע זיבן מאָגערע בהמות
און אויף פעלדער דיינע, דאַרע זאַנגען זיבן.

כ׳ווייס נישט ווער דיך האָט אַרויסבאַגלייט
פון דיין הייזל ליימענעם: אַ הונגעריקער הונט?
אַ גיטאַרע?
צוויי גרינע מאַנדל־אויגן גליען. פעליטשינע גייט.
מאַך אַ וואַרע!

.1962

# אַ ח ת ו נ ה

(פּאָעמע)

און עס טרעפט אַמאָל׳ ווען נאָך אויפן אַלטן שטייגער
אינמיטן גאַס אַ פּוילישע קאַפּעליע טוט זיך אַ צעכליפּע...
דאָס פירט אַזוי מיט טראַסק, אַ בכבודיקער שטאַיגער *)
די בלאָנדע טאָכטער זיינע מיט מזל צו דער חופּה.

ס׳איז זומער־לעב און רו־טאָג, אַ יום־טובדיקער הימל.
די קאָראָנעס אין דער זון — וואַלט דיסנעיס מיניאַטורן
אַ ברוינע ליגט די סיטע — אַ קאָרן־ברויט מיט קימל.
זאָל ל׳עבן ס׳יונגע פּאָרל! ניעך זשיע! לאַנגע יאָרן!

און אַזוי מיט שווערע טריט, אין נייע שיך און קרעגן
מינערן־פּאָרן שפּאַנען אַ בונטע לאַנגע ריי.
די ווייבער שטייף פּאָד־פּאַכעס, קוים וואָס זיך באַוועגן,
אין מידערס **) איינגעשנורעטע, אויף דינע קאָרקעס צוויי.

.2

נאָר ווער׳זשע שוועבט עס דאָרט אַרום דער יונגער כלה,
נישט אפשר רויזן לעבעדיקע? פרישע בלומען־גאַרבן?
ווער מיר רויזן גאָר! דאָס זיינען ערן־מיידלעך אַלע.
אין סאַטין געפּאַסטע קליידער, פון רעגנבויגן־פאַרבן.

---

*) אַ פּאָר־אַרבעטער אין קוילנגרובנס.
**) אַ קאָרסעט.

און גלייך אַ שווערער וואָגן, געשפּאַנט אין שמעטערלינגען.
וויגט זיך דער קאָרטעזש דאָ שיפער אַלץ און שיפער.
די יונגען פלינק און בויגיק וואַרפן פייער־רינגען,
אַרום שלאַנקע מיידל־טאַליעס און אַ ביסל טיפער.

.3

פאַר אַ טויערל אויסגעשלייערט מיט בלאַוואַטקעס אַ קראַנץ,
מיט אַ פלאַמיקן וויוואַט אויף פּויליש און פראַנצויז.
אַ מומע האַלט נישט אויס און שיסט אַרויס אַ טאַנץ,
און די געסט נאָך איר הוליען פאַרן הויז.

מינערן־שטיבלעך צוויי. עס שוויצןביידע שבטים.
די וואָדקאַ און דער קאָניאַק צעמישן בלוטן הייס.
פענצטער אויפגעפראַלט, פעלט נאָך לופט און אָטעם,
נאָר ס'איז געווינט דער גורניק צו באָדן זיך אין שווייס.

און נאָכאַמאָל נאַ זדראָוויע! צו אַ שכן גאָר אַ נייעם
נאַ זדראָוויע חתן־כלה! צום געזונט מחותן!
און קיינער ווייסט נישט מער, ווער ־ צו ועמען טרינקט לחיים.
זאָל זיין צום אייגן ווייב, אַבי ס'זאָל זיין צום גוטן...

.4

און ווען נאָך ארבע כוסות, חתנס צד אַ פעטער
גייט אַרויס אַ ברייטער, מיט אַ קול־נגינה
פון אַן אָרעמער יתומה און פון אַ פישער־יונג אַ רעטער,
זשומען אַרום מיידן, יונגן, ווי אַרום בלומען — בינען.

אין אַ בלאָער קאַרוזעלע צווישן וואָר און חלום,
און פראַנקרייכס וווּנדער־ווײַן איז דער מלך פון דער נאַכט,
אַ לעצטער טאַנץ צעפלאַמט זיך. אַ טאַנץ — כאַטש נעם און מאָל אים.
העי!
ענג איז נאָר די שטייג, וואָס פירט אַראָפּ אין שאַכט,
וואָס פירט אַראָפּ אין שאַכט — — — — —

און ווען עס טרעפט אַמאָל, אַזוי אויפן אַלטן שטייגער
אַ חתונה אַ פּוילישע מיט אַלע זיבן זאַכן,
פּיר־און־צוואַנציק שעה אָן עול און אָן אַ זייגע —
איז כדאי! איז כדאי אַ ליד פון דעם צו מאַכן.

.1965

# אַלטע קוילנגרעבער

אַלטע קוילנגרעבער
זיצן שטיל, ווי קינדער קליינע,
אויף די שוועלן.
און טרינקען ביז אויף שיכור
די מאָרגן-לופט די ריינע
און קוועלן
פון דער לערכעס איידלער טרילעריי,
פון די וורובלעס די געמיינע
און פון טאָג דעם העלן.

אַלטע קוילנגרעבער,
קאַלטע טונקעלע שאַכטן.
אַ! ערלעכע געזעלן
דרעמלען קינדיש איין
אין גאָלדענע פאַרנאַכטן
פון שוין מער נישט טראַכטן.
פון שוין גאָרנישט וועלן...

.1965

# דער פּרעמדער

אויף אַלע פרעמדע שפּראַכן אייראָפּעאישע רעדט ער,
נאָר אויף אינדזל־לשון זיינעם זוניקן שווייגט ער.
עס יאָגט פון אים צער, ווי פון אַ בעריאָזע אַ צעווייקטער,
וואָס דער צפון־ווינט אין האַרבסט פּליקט פון קרוין די בלעטער.

און רופן רופט מען אים אויף יתרוס נעמען זיבן,
נאָר ביים קינדערנאָמען בלאָען רופט אים דאָ נישט קיינער,
ווי אַמאָל ביים קלויבן פּערלמוטער־מושלען צווישן שטיינער
ער איז ביז שפּעטע נאַכט ביים ברעג פון ים פאַרבליבן.

דאָס האָט זיין מוטערס יונגע שטים די כוואַליעס איבערשריגן
און פון קופּער־פעלדז צעגליטן אַן עכאָ אָפּגעקלונגען.
זיין נאָמען ווי אַ תּפילה, אין מאַמעס מויל אַ ניגון,
ביז רויטער ווין — דער ים, די זון אַ שיכורע פאַרשלונגען.

איצט פון שטומער נאַכט־שיכט שפּאַנט ער דאָ אַ בלינדער,
אַ טאָג אַ ליכטיקן פאַרלעשן אין זיין טונקעלע נאָרע.
אין אַ נעפּל שווימט ער, פאָרויס דער יצר־הרע.
פאַר דערוואַקסענע צו שפּאָט און אַ שרעק פאַר קינדער.

אַזוי אויף שווינדל־טרעפּ צעוויגטע, פון אַ חלום־לייטער
איבער אַ תּהום פאַרוואָרפן, פאַרזינקט ער אין די אויגן
פון די באַרן־מיידן בונטע, גלייך ער וואָלט געפלויגן
צווישן חושך־שאַכטן און זיין אינדזל־היים דער ווייטער...

1966.

# דאָס האָט אַ מענטש דאָ

מענטשאַרסקי טרינקט פון רפואה־כוס
און אָטעמט הייס און שווער.
ער ווייסט: אַחוץ זיין סיליקאָס,
פאַרמאָגט ער גאָרנישט מער.

פאַרשעמט דאָ שטייט זיין לאָמער טיש,
דער אויוון בלינד און קאַלט.
אַ טרויער און אַ בענקעניש
בלאָזט פון יעדן שפּאַלט.

אַ בילדער־אַלבום אויף די קני.
דרין בלעטערט ער זיין לעבן אויס,
אַ לעבן ערגעץ נישט פון הי,
אים האַלט אַ מאַמע אויף דער שויס.

און זע: אין ווייסן אָרעם־באַנד
ווער שטייט דאָ פרום אַראָפּגענומען?
אַ קאָמוניע־ביכל אין דער האַנט
אַרום אַ וואַזע פאַלשע בלומען.

און ווער איז דאָס דער בלאָער רייטער
אין שפּאָרן שטיוול מיט ביקס און שווערד,
אין פוטער־פעלצל מיטן מעשענעם טרוימייטער
גלייך אַ שררה אויפן פערד?

דאָס בין איך, מענטשאַרסקי דער הוזאַר.
אין פראַנץ־יאָזעפס קייזערלעכער רייטעריי
דער בעסטער שיסער! און ס'טריפט דער צער
פון זיינע הענט אַראָפּ ווי הייסער בליי...

און די פרוי ווער איז, וואָס נעבן מיר דאָ שטייט
אין דינעם חופּה־קלייד ווי איינגעהילט אין רויך
מיט פּנים פון אַ קינד (נאָר שטאַרק און הויך),
די פרוי, די פרוי ווער איז אין דינעם חופּה־קלייד?

אָט דאָ איז יאַן אַ קינד נאָך, און אָט אַ גאַנצער מאַן.
און מאַרישל׳ מיין קליינס, אַ שעמעוודיקס אַ צאַרטס.
אין נייעם פוילן ערגעץ (אויס די אויגן, אויסן האַרץ).
נאָר קעגן דייטש אין שלאַכט איז געפאַלן דאָ מיין יאַן...

— — — — — — — — —

אַ בילדער־בוך ליגט קאַלט אויף דר׳ערד,
אין שויב אַ נייער טאָג שוין העלט.
דאָס האָט אַ מענטש דאָ אויפגעהערט
האָבן טענות צו אַ וועלט...

## PAIX AU VIETNAM!

ווינטער אין מיין טונקעלן לאַנד
ווו די זון גייט אויף פאַרשטויבט.
שטייט דאָ שטיל פון ראַנד צו ראַנד,
נישט באַזונגען נישט געלויבט,
אַ געגנט וויסט און אויסגערויבט
ווינטער אין מיין לאַנד.

אין מיין האַרטן, גוטן לאַנד
מיט פאַרהאַקטע טויערן
שרייען אַלע מויערן!
שרייט אַ יעדע וואַנט!
און דער פינצטערער אַספאַלט
שרייט געוואַלט!

אין מיין קאַלטן לאַנד,
ווייט און ברייט,
ביזן טיפסטן גרונט,
שטומערהייט
גליט אַ בראַנד!
בריט אַ וווּנד!
ברענען אותיות בלוט און פלאַם:

Paix au Vietnam!

(שלום אין וויעטנאַם).

יאַנואַר, 1967.

# איז אַרויסגעפֿאַלן אַ שניי...

איז אַרויסגעפאַלן אַ שניי אין שוואַרצן לאַנד
און מיט דימענטן אַ שלל צעפינקלט מיין זכרון.
האָב איך פלינק אַזוי די יונגסטע פערד געשפּאַנט
און גלייך צו דיר אין גאָלדן שליטעלע פאַרפאָרן.

און דו?
דיר האָט זיך אין ווער־ווייס־וואָס פאַרבענקט
און קיינער ווייסט דאָ נישט ווו דו ביסט געגאַנגען
אז כ׳בין אַהיימגעקומען פאַרביטערט און געקרענקט
איז אין שוואַרצן לאַנד דער ווייסער שניי צעגאַנגען.

# אין די בערג

.1

מיר קומען פון בלינדע שטעט,
פון דערוואָרגענע שטיינערנע גאַסן,
פון שטובן אַרומגעצוימטע ווי תפיסות,
פון פענצטער אָן אַ הימל.
ווי מוראַשקעס קומען מיר צו קריכן
און קרייזן דיך אַרום
פון מזרח און מערב, פון צפון און דרום.
ווי קינדער קלעטערן מיר אויף דיינע קני,
אויף דיין קאַלטן בויך און רוקן.
נאָר צו דיין מעכטיקן קאָפּ
דערגרייכן מיר נישט.

.2

מיר שטייען שטיל און ערפורכטיק פאַר דיר,
דו מעכטיקער שלאָפנדיקער ריז.
אין דיין אָנבליק שטעלט זיך אָפּ די צייט,
אין דיין אָנוועזנהייט איז נישטאָ
קיין נעכטן, קיין היינט און קיין מאָרגן.
א היכל פון אייביקייט רוט איבער דיינע שפּיצן.
דיין שטילקייט ווי אַ ווולקאַן
רייסט אויף אין מיר.
ווי אַ לאַווע ריזלט מיין בלוט
אין די אָדערן מיינע
און מאַכט מיך פאַרגעסן
מיין מענטשלעכע שפּראַך.

.3

שטום שטיי איך דאָ און פֿאַרשטיינערט —
בלוי, און בלוי און בלוי.
אַ ווו נאָר דאָס אויג דערגרייכט,
אַ גרין געפרוירענער ים פֿאַרשטעלט
דעם צוטריט צו דיר.
וועלדער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דיינע הייכן
און ליגן געבליבן אין מיטן לויף.
נישט דער שפּאַרבער, נישט די אינד
טרויען זיך צו דיינע שפּיצן.
פֿון צייט צו צייט דער אָדלער
קרייזט דיך איבער און פֿאַרשווינדט.
נישט די זון האָט אַ שליטה איבער דיר
אין תמוז.
נישט דער שטורעם צעוואַלגערט דיך
אין שבט.

.4

מיר שפּינען נעצן אין דיינע ווינקלען,
שטאָלענע קאַבלען פֿלעכטן מיר אַרום דיינע לענדן.
דראָטן און שטריק פֿאַרוואַרפֿן מיר
איבער אָפּגרונטן דיינע.
אין מעטאַלענע קאַבינען
רייסן מיר זיך צו דיר,
מיט ציין און מיט נעגל בייסן מיר זיך איין אין דיר.
מיט ווונד געוואָרענע הענט און פֿיס
דראַפּען מיר זיך אַלץ העכער און העכער,
און שטייגן און פֿאַלן
און פֿאַלן און שטייגן.
ליל, 1966.

# אין ראָמאַנישן קאַפּע

משה קולבאַקן צום אָנדענק

מיר זיינען געזעסן אין ראָמאַנישן קאַפּע,
אין אַ שיף אַ פּאַרכישופטער, אויף אַ שיכורן ים.
און מיר האָבן געפלאַקערט, ווי אין מדבר דער סנה —
פון דיינע אויגן די פייערן, פון דיינע לידער דער פלאַם.

דיין וואָרט האָט געהאַמערט מיט רו און גבורה,
עס האָבן פונקען געשפּריצט פון יידישן אות.
אַ קוואַל האָט געפלאָסן — דיין לויטערע שורה
מיט בליצן אַ שלל דיין געשליפענער כוס.

— דו שרייב מיטן פּשוטן לשון פון זיידעס,
מיט ליבשאַפט צום פאָלק גיי אַרויס אין געוועט!
די וועלדער נעם, די פויגלען פאַר עדות.
און איבער אַלץ וואָס לעבט מאַך אַ ברכה, פּאָעט!

מיר זיינען געזעסן ביי די ברעגן פון שפּרע
אויף ליימיקן ברויט און אויף ברוינעם ערזאַץ.
און בערלין האָט געגרייט זיין אויטאָ־דאַפע
פון קורפירסטנדאַם ביז אַלעקסאַנדער־פּלאַץ.

.1966

# רבי אלימלך און זיין ברודער זישע

(אַ פאָלקס ־ מעשה)

אין קהל־חסידים ווערט געברענגט
אַ מעשה פון צוויי גוטע יידן,
וואָס האָבן פלוצלונג זיך פאַרבענקט
פאַרשפּרייטן צווישן מענטשן פרידן —

און מיט אַ פסוק, ווי מיט אַ זיגל:
האָב ליב דיין חבר ווי זיך אַליין.
קריעה־בלויה, נאָר מיט פליגל
זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

זומער־לעב פאַרגלויבט און פרייל'עך.
— נישט געאיילט זיך, שפּאַן פּאַוואָלע,
ברודער־סערצע אלימלך —
זאָגט ר'זישע פון האַניפּאָלע.

נישטאָ, נישטאָ זיך וואָס צו יאָגן,
ס'איז אומעטום דעם בוראס וועלט.
דאַוונען שחרית צי תהילים זאָגן
קען מען אויך אינמיטן פעלד.

נאָר אלימלך פאַרטיפט אין מוחות
הערט שוין נישט דעם ברודערס רייד.
גלייך אים וואָלטן איבער־כוחות
פאַרטראָגן דאָ אין רוים און צייט.

און זישע אָנט זיין ברודערס טראַכטן,
נאָר פאַרשטייט אים נישט קיין סך.

ווי אַ ספר אַ צוגעמאַכטן
מיט פרעמדע אותיות, תרגום־שפּראַך.

ער, וואָס קען דאָ לשון־פייגל,
דעם צער פון יעדערן בעל־חי
און פאַסט נאָך היינט אויף מעשה־עגל
היינט־זשע זישע, גיי פאַרשטיי?

און ס׳שפּאַנען ביידע ברידער־יידן
וואַלד אריין און וואַלד אַרויס.
אַ געגנט דרעמלט דאָ אין פרידן,
גלייך אַ קינד אין מוטערס שויס.

און פּלוצלונג ווי פון שלאָף דערוואַכט:
גענוג שוין זישע־קרוין געשוויגן,
אפשר וואָלסטו ערב-נאַכט
געזונגען מיר דעם בעשט׳ס *) אַ ניגון?

די זון פאַרגייט שוין הינטער וואַלד.
שטייט אַ וועלט דאָ ווי געקריינט.
ס׳איז שטיל, מען הערט דעם טוי וואָס פאַלט,
און זישעס טרערן, וואָס ער וויינט.

אלימלך ווייסט דעם גרויסן צער
פון אָט דעם פּראָסטן תהילים־ייד,
וואָס וויינט דאָ ווי אַ קינד דערפאַר
וואָס ר׳האַלט נישט פון זיין וואָרט און ליד.

— זישע! זישע! דו ברודער מיין!
ווייל דעם דור און זיין מתנה.
ס׳איז נישט גענוג דאָס וואָרט אליין
דער עיקר איז דאָך די כוונה.

---

*) פאַרקירצונג פון בעל־שם־טוב.

נ׳אַזוי פֿאַרטיפֿט אין גוטע רייד,
ווי צוויי פֿאַרליבטע אַרומגענומען,
זענען ברידער מלא־פֿרייד
צו אַ קרעטשמע צוגעקומען.

און דאָ אויף האַרטער הוילער ערד,
אין אַ ווינקל ביי דער וואַנט:
איך וואָס בין דיין שטיב נישט ווערט,
מיין זעל פֿאַרטרוי איך אין דיין האַנט.

אינמיטן נאַכט. די קרעטשמע קראַכט,
פֿענצטער פּלאַצן, ס׳ברעכן לאָדן,
אַ שטורעם, — גלייך אַ בייזע מאַכט
איר כח וואָלט דאָ אויסגעלאָדן.

חלומט זיך אַ חלום זישען:
ס׳איז מתן־תורה. ביים סיני שטייט ער,
דונערן און בליצן טוען אים פֿאַרגלישען
שופֿרות שאַלן — אַ טראַמייטער — — —

ער כאַפּט זיך אויף. מ׳האַלט אים פֿעסט,
מיט פּויק און טאַץ פּלאַצט דאָ די אכסניה.
פֿינקטלעך חצות — רוחות אָדער געסט ?
דאָס פֿאָרן פּריצים פֿון אַ פּאָלאָוואַניע.

און זישע פֿאַלט פֿון פּויסט צו פּויסט.
יעדע לאַפּע מאַכט מיט אים הקפֿות.
דאָס וואָס ס׳איז זיין קאָפּ ביי אים אַנטבלויזט
איז אים מער מצער, ווי טאַנצן דאָ מה־יפֿית.

אַוועקגעשליידערט, בלייבט ער רואיק ליגן,
זיין קאָפּ באַדעקט פֿון ברודערס האַנט.
„מלך, ווייסט ? דעם בעל־שם־טובס ניגון
איך האָב אין טאַנצן זיך דערמאָנט״...

און ער נעמט דעם ניגון זינגען.
אלימלך העלפט אים מיט
און דאָס לאַרמען און דאָס שפּרינגען
פון אַרום זיי הערן נישט.

— זישע, זישע ברודער־קרוין:
זיי מוחל מיר די זינד פון קנאה,
דיין צער איז טיף, נאָר גרויס דיין לוין,
און אויף דיין פּנים רוט די שכינה.

איז גיב מיר, כ׳בעט דיך, אָפּ דיין אָרט
און דיך פון נייע שלעק פּאַרהיט.
איך זאָל נישט בלויז מיט הוילן וואָרט,
נאָר אויך בגוף דאָ זיין אַ ייד.

און די קרעטשמע זויפט און הוליעט:
—שענקער, העי! שנאַפּס דאַוואַי!
ב׳ווי אַ שעפּס צונויפגעטוליעט
וואַרט דאָ מלך אויף זיין ריי...

שוין אַ צוואַנג ביים האַלדז אים פּאַקט,
נאָר אַ בת־קול שרייט: ס׳אַ בושה!
דעם זעלבן ייד? שוין גענוג צעהאַקט!
דעם צווייטן נעמט! און יעמוד ר׳ זישע!

און ווידער קלעפּ און ווילדע קולות,
כאַטש נעם און שריי דאָ חי וקים:
ווי צום רשע. נאָר דעם צדיק ווויל איז.
ס׳איז אַלצדינג זע! מן השמים.

ווען ס׳צווייטע מאָל צעבלוטיקט ר׳ליגט אויף דר׳ערד
זאָגט ר׳ זישע צום ברודער דאָ באַשיידן:
— זעסט אלימלך; וועמען שלעק עס איז באַשערט
באמת, דער וועט זיי נישט פאַרמיידן.

אַ רויבער־הייל די קרעטשמע שטייט
ווי פון גזלנים אַ פּאַרלאַזטע.
צום דריטן מאָל דער האָן שוין קרייט
מיט הענער־טענער פּראָסטע.

מיט ליבשאַפט שפּרינגען יידן אויף
צו דינען גאָט דעם בורא,
ב׳ווי פּרינצן צוויי אין פּאַטערס הויף
זיי שפּאַנען דאָ אָן מורא.

דער מזרח טוט זיך אָן די קרוין,
זע, ווי אַלץ שוין וואַך־איז!
און ס׳איז די צייט געקומען שוין
צו זאָגן תּפילת-שחרית.

און ס׳שטעלן דאַווענען זיך אין פעלד
מיט האַרץ צוויי גוטע יידן.
און איבער גאָר דער גאַנצער וועלט
איז געוואָרן פרידן...

ל׳יל, 1967.

# דער פּאַסטעך און דער צדיק

(אַ פאָלקס־מעשה)

— און זע: כ׳קען דאָ גאָרנישט, כ׳ווייס דאָ גאָרנישט,
פאַר אַל׳ע מיינע זינד נאָר תעניתים פאַסט איך.
און קלוגער ווער איך נישט, בעסער אויף קיין האָר נישט.
און בלייב דער זעלבער אַלץ, אַ פּראָסטער פּאַסטעך.

פאַר מיין שווערער מי באַקום איך מיר מיין לוין
און לעב אין שאָטן דיינעם, כאָטש כ׳ווייס נישט ווער דו ביסט.
דיינע הימלען אָבער, איך טראָג זיי ווי אַ קרוין.
און דיינע שאָף, מיין האָר, געפּיטערט כ׳וואָלט אומזיסט.

אַזוי פון טיפער־טיף, דאָ הייס געבעטן האָט
מיטן לשון פון די פלאַנצן אין זיין מאַמע־לשון;
און ווי צו אַ געליבטער, אַ פּאַסטעך רעדט צו גאָט
ביז דער מאָרגן־שטערן האָט זיך אויסגעלאָשן.

האָט אַמאָל אַ צדיק אין אַ פּעלץ
פאַרבלאָנדזשעט אין דעם היטערס לאַנד
און פאַרנומען פון אַ הייל אין פעלדז
אַ קול, וואָס האָט אַ חלום אים דערמאָנט.

אים חלומט זיך: מען זאָגט אים — גיי
און וואַנדער אום, און בלאָנדזשע אַזוי לאַנג
ביז דו וועסט דערהערן פּראָסטע ווערטער דריי:
כ׳ווייס דאָ גאָרנישט... פאַר אַ לויב־געזאַנג.

און דער צדיק מוסר האָט גענומען זאָגן:
נישט אַזוי מיין זון זאָגט מען דאָ די תפילות.

ער, וואָס די גאַנצע וועלט מיט זיין כבוד פול-איז,
קען קיין אויסגעטראכטע ווערטער נישט פאַרטראָגן.

און אויג אויף אויג מיט אים אין הייל פאַרבליבן,
ווייט פון זיינע שאָף, פון וועלט און מענטש אַנטפערנט
אין זיבן תענית־טעג אַזוי, און אין וואָך־נעכט זיבן
דער תלמיד אַלע ברכות, בעל־פּה דאָ אויסגעלערנט.

און אז דער פּאַסטעך איז אַרויס פון הייל
האָבן ריחות ערדישע אים אַרומגענומען.
האָט ער אָנגעהויבן שטאַמלען: אל! אל! אל! *)
און גאַרנישט נישט פאַרשטאַנען, און גאַרנישט נישט באַנומען.

ווייל וואָס ער האָט געלערנט, האָט ער באַלד פאַרגעסן
און געשעמט זיך איצט מיט אַמאַליקע תפילות זיינע
און שטום געבליבן זיצן, גלייך שבעה ער וואָלט געזעסן.
נ׳אַזוי פאַר טיפן צער גענומען ביטער וויינען.

האָבן פייגל, האָבןביימער, אין בראשית פאַרטאָגן
זיך אָנגעהויבן סודלען, זיך אָנגעהויבן קלאָגן:
אַז אויב נישט ער, אַז אויב נישט ער
טאָ ווער־זשע דען, ווער
וועט מיט אונדז דאָ שירה זאָגן?

איז געוואָרן ראשית־כל אַ גרויסער רעש אין הימל.
מען האָט אויפגעוועקט דעם צדיק פון זיין פרומען דרימל
און אים באַפוילן שאַרף: אלף, בית און גימל!
דעם פּאַסטעך אויפצוזוכן תיכף ומיד

*) אל׳ מלך נאמן... אָנהויב פון אַ תפילה.

(וואָס פײַניקט זיך, און קלאָגט, און ציטערט ווי א בלאַט)
און ווידער הייסן אים קלאָר און גלאַט
תפילה טאָן ווי אַמאָל מיט זײַן פּראָסטן פּשט.

און צייט דעמלט ווייסט נישט קיינער וואָס און ווען,
אין וועלכן יאָר, אין וועלכן לאַנד דאָס איז געשען.
נאָר אַ דין אַזאַ האָט יעדערער געהערט, יעדער האָט געזען.
פון היינט און ווייטער: סיי בפה, און סיי בפּען
מעג יעדער בעטן ווי ער קען.

ליל, פעברואַר 1967.

# באַגלייט מיך נישט

און דאָ אַהער ווו כ'בין היינט צוגעקומען
פונדאַנען גייט מען שוין אַוועק אַליין.
זיך אויסגעדרייט, דעם גאַנצן טאָל אַרומגענומען
און שווייגנדיק אַזוי געבליבן שטיין.

אַ זון־פאַרגאַנג. ווי צום ערשטן מאָל דאָ ווידער
דער פאַסטעך מיד, טרייבט אַהיים די שאָף.
ווי אַ קעמל שווער באַלאָדנט קניט דער טאָג אַנידער
און די מערלען זינגען אים אַ ניגון פאַרן שלאָף.

און דו ?שוין שטראַלסט אויפסניי אין דיינע יום טוב־קליידער
אַ זאַפטיקער אַראַנזש אין אַ פייערדיקער שאָל.
באַגלייט מיך נישט! דו קער זיך אום נאָך איידער
די נאַכט פאַרשיט מיין לעבעדיקן טאָל.

1967.

# מיין חבר דעם בוים

מיין חבר דער בוים
שוין גרייט זיך צום ווינטער
און האַלב וואָך, האַלב אין טרוים
אַ מעשה מיר שפינט ער.

א מעשה שהיה...
איז געשטאַנען אַמאָל
אַ כאַטע אַ בלאָע
ביים טייכל אין טאָל.

און אַרום כאַטע אַ גאָרטן,
און אין גאָרטן אַ בוים,
און פעלדער ווי טאָרטן
מיט אַ וואַלד פאַר אַ צוים.

אַמאָל וועקט מיך די שוואַלב,
אַמאָל שרעקט מיך די קראָ,
און שלעפעריק האַלב
אַ קוקוריקו — — — —

אָט איז שטיל אויף די וועגן
און אָט אַ געגיי...
אַמאָל וואַשט מיך דער רעגן
אַמאָל נאַשט מיך דער שניי...

אַמאָל זינגט מען אין הויז,
אַמאָל שווייגט מען פאַרקלעמט
דאָס באַגלייט מען אַרויס
אַ קינד אין דער פרעמד...

און אין וואַרעמע נעכט
ווען דער ווייצן שטייט רייף,
די משפחה זיך פלעכט
אַרום בוים ווי אַ שלייף...

די געגנט ליגט שטיל,
מען הערט פאַלן די שטערן,
און דער זינגער — די גריל
לאָזט אויך פון זיך הערן.

איז געשטאַנען אַ כאַטע..
ווער ציילט דען די יאָרן?
פון אַ קינד איז אַ טאַטע,
און אַ זיידע געוואָרן...

און איינמאָל באַגינען,
דער טאָג איז אַ הייסער
עס ברומען מאַשינען...
אַ זיידע וואָס ווייס ער?

ס׳קומען ייִנגלעך מיט ברילן,
מען חשבונט, מען מעסט.
און גלייך קראָקאָדילן ...
און דאָס שפּייט, און דאָס פּרעסט.

אַ פעלד? ווו פעלד?
דאָס טייכל פאַרשיט.
אַ שטיינערנע וועלט —
אויס זייען, אויס שניט...

אויס כאַטע, אויס גאָרטן,
דער וואַלד איז פאַרשניטן,
און אַ בוים שטייט זיך דאָרטן
ווי אַ מצבה אינמיטן...

.1967

# און פֿרייהייט וועט זיין

און געזאַנג וועט נאָך זיין! און טאַנץ וועט נאָך זיין!
און פרידן, און פרייהייט, און ליבע און פרייד.
אויגן צעשטראַלטע און האַרציקע רייד —
טאַנץ וועט נאָך זיין! און געזאַנג וועט נאָך זיין!

און לעבן וועט זיין! און ליכט וועט נאָך זיין!
יוגנט און גלויבן, און קוואַלן פון זאַפט.
אַרבעט און ברויט, און לויטערע קראַפט.
ליכט וועט נאָך זיין! און לעבן וועט זיין!

און ליבע וועט זיין! און פרייד וועט נאָך זיין!
גליקלעכע טעג, פאַרטרוילעכע נעכט.
און הייליק דער מענטש, און הייליק זיין רעכט.
און פרייהייט וועט זיין! און פרידן וועט זיין!

.1943

# איך באַשווער אײַך

נישט זינגט מיר פון ליבע, נישט זינגט מיר פון שיינקייט.
איך ווייס פון די מענער אין פאַררויכערטע קנייפּעס
פאַרטריקן די פעל פון געשווּנדענע טעג
און פּרויען יונג אַלטע, צעפּרעסן פון זאָרג
וויגן דעם עלנט פון אַמאָליקע זינד.

נישט זינגט מיר פון ליבע
איר שוועסטערן מײַנע,
איך באַשווער אײַך, נישט מערט מער
דעם עלנט אין לאַנד.

פאַרשלאָסן די טויערן פאַר צעזונגענעם בלוט,
פאַרביסן דעם פּיין פון צעפּלאַקערטע נעכט.
און חלומט און חלומט ווי ס׳חלומען וועלף
אין שנייאיקן וואַלד.

ברידער, איר האַרטע ביי אײַזן און שטאָל,
ווען עס ווייטיקן הענט נאָך צאַרטקייט פון ברוסטן,
ווען עס דורשטן די גלידער נאָך קוואַלן פון ליפּן,
איך באַשווער אײַך! איך באַשווער אײַך!
איר שוועסטער און ברידער,
נישט מערט מער דעם עלנט.

# אינהאלט: